# דאס יודישע ווארט

# DAS JÜDISCHE WORT.

צייטשריפט פיר ליטעראטור, וויססענשאפט, קריטיק און געזעללשאפֿטליכען לעבען.

ערשיינט וואכענטליך אין קראקוי. — הערויסגעבער: אברהם רייזען.

Krakau, 7 März 1905. — ערשטער יאהרגאנג. — קראקוי, ל׳ אדר א׳ תרס״ה.

נומר 10.


## אינהאלט:

נאר וואס עס איז ערשינען פון דרוק

א נייע זאמלונג

# ליעדער פון לעבען

פון

## אברהם רייזען.

ענטהאלט 100 זייטען, פראכטפאל געדרוקט, מיט'ן בילד פון דעם אויטאר.

פרייז 50 קאפ.

די וואס וועלען אבאנירען

## „דאָס יודישע וואָרט"

ביז ו־טען אפריל ניט ווייניגער ווי אויף א האלב יאהר

בעקומען דאס ווערק אומזיסט.

אויסער דעם בעקומען זיי

די אלע אויסגאבען פון פערלאג „פראגרעס",

וואס בעטרעפען 6 רובל, פיר א העלפט פונ'ם פרייז — פיר 3 רובל.

הויפטפערטרעטער פיר „דאס יודישע ווארט" פיר גאנץ רוסלאנד און פוילען:

פערלאג „פראגרעס"

אדרעס:

Книгоиздательство „ПРОГРЕССЪ" Варшава.

I. Jahrgang. **DAS JUDISCHE WORT.** Nr 10.

דער פּרייז פיר רוסלאַנד :
גאַנץ יעהרליך 3.50 רובל.
האַלב יעהרליך 1.75 „
פיערטעל יעהרליך 90 קאָפּ.
מאָנאַטליך 30 „

איינצעלנע נומערן 8 קאָפּ. — 20 העללער.

ענדערן די אַדרעס קאָסט 20 קאָפּ.

די אַדרעסע פיר רוסלאַנד :
Издательство
„ПРОГРЕССЪ“
Варшва, Налевки 32.

# דאס
# יודישע וואָרט

צייטשריפט פיר ליטעראטור, וויססענשאפט,
קריטיק און געזעללשאפטליכען לעבען. - - -

ערשיינט וואכענטליך אין קראקוי.

הערויסגעבער : אברהם רייזען.

אַבאָנאָמענטס פּרייז יאָהרליך :
אָסטרייך-אונגאַרן —.8 קראָנען.
האַלב-יאָהרליך —.4 „
פיערטעל-יאָהרליך —.2 „
דייטשלאַנד —.8 מאַרק.
ארץ ישראל —.10 פראַנק.
אַנדערע לענדער —.15 „
אַמעריקא ענגלאַנד—.10 שילינג

פּרייז פון אַנאָנסען :
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאָפּ.

די אַדרעסע פיר עסטר.-אונגאַרן
און אַנדערע לענדער :
Red. und Adm. „Das Jüdische Wort“, Krakau
Alte Weichselgasse 27.

Krakau, 7 März 1905. נומר 10. קראָקוי, ל׳ אדר א׳ תרס״ה.

## סוף ווינטער.

דונקעל ווערט דער שנעע, ווי בליי,
און דער הימעל-העל ;
און די ערשטע וועל׳
ברעכט אין טייך דעם אייז דורך פריי...

און עס שטאַרבט דער ווינטער אָב,
ס׳שטאַרבט דער קאַלטער ריז ;
פאַר דעם פריהלינג׳ס פיס
פאַלט זיין אַלטער, ווייסער קאָפּ...

ערגיץ וואַכט שוין אויף אַ בוים
און אַ פויגעל ברומט :
פויגעלע, פויגעלע קומט,
קומט אַ היים, צוריק אַ היים !

דוד קאַסעל.



## אויף דער וואכט.

(א בילד).

דורכ׳ן שלאָף האָב איך דערהערט, ווי די טהיר פון מיין צימער האָט זיך אויפגעעפענט און ווידער זיך צוגעמאַכט. באַלד דערנאָך האָב איך דערפיהלט, אַז עמיצער טרעסעלט מיך פאַר אַנ׳אַקסעל. איך האָב געעפענט די אויגען און דערזעהען פאַר זיך אַ יונג, רויטליך פנים, מיט בלויע אויגען און העלע, יונג־שפּראָצענדע וואָנסעלעך. איך האָב נישט באַלד זיך דערמאַנט, ווער דאָס איז.

— אין קלייזעל וואַרט מען שוין אויף אייך, — האָט דאָס פנים מיט אַ שמייכעל גערעדט. — דער מאַרק איז זיך שוין באַלד אין גאַנצען צונויפגעפאָהרען...

איך האָב זיך אויפגעזעצט אויפ׳ן בעט.

— וואָסער קלייזעל ?.. וועלכער מאַרק ?.. — האָב איך נישט פערשטאַנען - און באַלד טאַקי האָב איך זיך פלוצים דערמאַנט : אַנ׳אַסיפה... היינט איז פרייטאָג... אַ מאַרקטאָג... אין קלייזעל... — איך בין געשווינד אַראָבגעשפּרונגען פון בעט.

— אַהאַ, יאָ—יאָ !.. ווי האַלט דער זייגער, שטיינער ?

— שוין באַלד זעקס, — האָט שטיינער געענטווערט. — טהוט זיך אָן גיכער, איהר עצל !..

— גוטמאַן איז שוין דאָרט ? — האָב איך געפרעגט, אַרויפציהענדיג אין איילעניש אַ שוך.

— אָהאָ, שוין פון אַשעה אָנדערטהאַלבען ! דאָס האָט ער מיך געבעטען, כ׳זאָל געהן אייך אויפוועקען.

רעדענדיג, האָט ער אַרומגעטאַנצט איבער מיין צימער, געבלעטערט מיינע ביכער, געטאַפּט די קלייניגקייטען אויפ׳ן שרייבטיש, אַרויסגעצויגען אַ פּאַפּיראָס פון מיין פּאָרטסיגאַר און האָט פערוויכערט. ער האָט אויסגעזעהן אַלט צו זיין אַ יאָהר צוואַנציג. געוועזען איז ער אַ העברעאישער לעהרער, אַ געוועזענער ישיבה־בחור.

איך האָב זיך אויף גיך איינגעוואַשען, געכאַפּט מיין דיקען דעמבענעם שטעקען, און מיר זענען אַרויס אויף די גאַס.

— עפּעס אַסך מענשען האָבען זיך שוין צונויפגעקליבען ? — האָב איך אוי׳פן וועג געפרעגט ביי מיין בעגלייטער.

שטיינער האָט זיך אַביסעל פערקנייטשט.

— נ־ניין, דערווייל נאָך נישט זעהר פיעל... מ׳וועט זיך נאָך צונויפגעהן... — האָט ער מיך פערזיכערט.

דער פריהמאָרגען איז געווען פריש, ווי... אַ זומערדיגער פריהמאָרגען. די זון איז געשטאַנען נישט הויך איבער דער ערד, דאָך איז דאָס גאַנצע שטעטעל געווען בעגאָסען מיט אַ גאָלדענער שיין. די לופט איז געווען קיהל, דער פראָסט האָט געשטהעמט פ־יי, און די פיס האָבען זיך מונטער געהויבען. די גרעסטע העלפט פון דער הויפּטגאַס, איבער וועלכע מיר האָבען יעצט געשפּאַנט, איז געווען בעדעקט מיט פוהרען, מיט פערד, קיה, קעלבלעך, בינטלעך פרישען היי און מיט פויערן אין ברייטע „ברילין“ *) פון היימישער ארבייט. דאָך איז דער מאַרק נאָך נישט געווען פערפולט : אויף יעדען טריט האָבען מיר בעגעגענט פיהרען מיט דאָרפליט, פוסגעהער מיט שטעקענס אויף די אַקסלען און מיט טאָרבעס אויף די שטעקענס ; עס האָט זיך פאַרביי געשלעפּט אַ בלינדער „דיד“ מיט אַ לירע, וועלכען עס האָט געפיהרט

*) קאַפּעלושען.

אַקליין יונגעלע אָהן אַהיטעל, מיט ווייסע פלאַקסענע האָר; אַ פּאָר פויערן אין ווינטעריגע שמוּיסענע היטלען האָבען געפיהרט אויפ׳ן מאַרק עטליכע קיה צו פערקויפען. אויף איין וואָגען האָט מען פאַרבייגע־פיהרט אַנ׳אונגעהייער גרויסען חזיר; זיין הויט איז געווען רויט און הויל, דער פעטער בויך האָט זיך געצויגען ניעדריגער פון די פיס, און די קליינע פערגאָסענע אייגעלעך האָבען אויסגעדריקט פעטע שלעפערדיג־קייט און אַפאַטיע.

שטיינער האָט נערוועז געשפרונגען נעבען מיר, אונרוהיג אין פאָרשענד פערקוקט די געהענדע און פאָהרענדע אין די אויגען און האָט זיך געפלייסט חמורנע פערקנייטשען זיין גלאַטען, יונגען שטערן וועלכער האָט איהם אָבער נישט געפאָלגט און זיך קוים בעוועגט.

— איהר האָט בעמערקט, ווי יענע צוויי גויים האָבען אויף אונז געקוקט?.. אָט יענע צוויי באָרפּיסע, מיט די שטיוועל אויף די אַקסלען?.. און אָט יענער אין סאָלדאַטסקען קאַרטוז איז געקומען אָהן שטיוועל! איהר פערשטעהט?..

איך האָב גאָר נישט בעמערקט און נאָך וועניגער פערשטאַנען, נאָר אונטער דער ווירקונג פון זיינע ווערטער און א׳נרוהיגקייט האָט זיך מיר אָנגעהויבען דאַכטען, אַז איך מערק אויך עפּעס..

אין שול האָבען מיר געטראָפען אַ צוועלף דערוואַקסענע און אַנ׳אַכט־נייען חדר יונגליך פון 10 ביז 15 יאָהר אַלט. גוטמאַן, אַ רוסישער לעהרער פון אַ יאָהר 35 מיט בלויע ברילען און מיט אַ שוואַרץ, געשאָרען בערדעל, איז מיר ענטגעגען געגאַנגען.

— אָט, גוט, וואָס איהר זענט געקומען!.. איך האָב דאָ אויפגע־געבען אַ פּלאַן, אַ מאַן פינף זאָלען זיך צעשפּרייטען איבע׳ן מאַרק און אונז צייטענווייז געבען צו וויסען, וואָס הערט זיך. מ׳וואָלט אפילו געקאָנט שיקען יונגלעך, נאָר די קונדייסים קאָנען אָנמאַכען אַנ׳אומ־זיסטע טרעוואָגע... וואָס זאָגט איהר עפּעס דע׳ויף?

— אָט דאָס איז נאָר! — האָב איך געזאָגט, בעקוקענדיג דעם עולם און נישט ענטווערנדיג אויף זיין פראַגע. — וואו זענען די איבעריגע?

— איהר זעהט דאָך! — האָט גוטמאַן צעפיהרט מיט די הענד. — מעהר איז נישטאָ... כ׳ווייס? אפשר וועט נאָך עמיצער קומען.

— וואו זענען אונזערע „פּני״, וואָס האָבען נעכטען אזוי איינ־געלעגט די וועלט?..

גוטמאַן האָט אַמאַך געטהון מיט דער האַנד.

המ... אין אָוענד, ווייזט־אויס, איז די אונרוהיגקייט גרעסער... נעכטען אויף דער אסיפה איז דער עולם געווען זעהר אויפגערעגט: אין שטעטעל האָט מען „שטאַרק גערעדט״; עפּעס עמיצער האָט אליין געהערט, ווי איינער האָט זיך בעריהמט; אַ צווייטען האָט גע־וואָהרענט זיינער אַ בעקאַנטער „בעל־גוף״, איינער פון די חסידי אומות העולם... אַ שווארצער וואָלקען איז געהאָנגען איבער׳ן קלייזעל. יודען האָבען זיך געפיהלט, ווי אי׳ם תשעה-באב — אַ יום־טוב, וואָס איז וואָכעדיגער פון אַ פּראָסטען טאָג און דאָך — נישט גלייך צו איהם... מ׳האָט בעשלאָסען זיך צונויפגעהן אָהער אין קלייזעל, זיין דאָ אויף דער וואַכט בין איבער׳ן יריד. עס האָבען זיך פער־שריעבען דריי און אַכטציג מאַן. מיט אַזא חיל, האָבען מיר געקלערט, קאָן מען פיעל מאַכען אויף דער הייסער שעה... יעצט אָבער... — איך האָב געוואָרפען אַ בליק אויף די מענשען, וואָס האָבען זיך אין קלייזעל געפינען: דאָ האָבען זיך אַרומגעדרעהט אַ דריי מלמדים, אַ צוויי־דריי האַנדווערקער, אַ שטאָרטישער „קאַוואַליער״ מיט אַרויטען שניפּס, אַ באָרפיסער בחור פון אַ יאָהר נייצעהן — אַ שמייסער ביי אַ בעל־עגלה און אין דער זעלבער צייט אַפּויקער אין ערטליכען „אָרקעסטער״, — און חיימקע גנב — אַ גנב ממש; צוויי יידען זענען געשטאַנען אין טלית־ותפילין און האָבען געדאַווענט... ביי אַ פּאָר זענען געווען אין די הענד אייזערנע שטעקלעך, ביי אַנדערע — הילצערנע, דער שמייסער און פּויקער האָט געהאַלטען אַ בייטש מיט אַ קורץ הענטעל, און דער פראַנט מיט׳ן רויטען שניפּס האָט זיך געשפּיעלט מיט אַ דין שטעקעלע, אפילו זעהר אַשיינס... אויף די בענק און אונטער זיי האָבען אַרומגעטאַנצט עטליכע יונגלעך, פרייער געלאָזטע אָדער אַנטלאָפענע פון „חדר״, אַלע פיעל־וויינינג בעוואָפענט ווער מיט אַקליין מעסערעל, ווער מיט אַ שייט האָלץ און ווער מיט אַנ׳אַלטער קאַלאָשע; איינער האָט געהאַלטען אין האַנד אַ קינדערש־פיעדעלע...

מ׳האָט אַוועקגעשיקט אין גאַס אריין אַ פּאָר מענשען און אָנגע־הויבען וואַרטען אויף פרישע נאַכריכטען. דורך די אָפענע פענסטער האָט דערגרייכט צו׳ן אונז דאָס מעסינע, פערשיעדענשטימונג גערויש פון יאַריד. צייטענווייז, ווען דאָס גערויש האָט זיך געלאָזט הערען שטאַרקער, האָבען זיך ביי׳ם עולם די אויה־ען געשפּיצט, נאָר רעכט אונרוהיג איז קיינער נישט געווען: צו פ׳עהליך האָט געשיינט די זון, די קעפּ זענען געווען פ׳ריש פון פ׳יהען אויפשטעהן, און בכלל איז די לאַנגע געווען אַזוי אונגעוועהנליך — ניי און אינטערעסאַנט, אַז אויף די געזיכטער האָט מען גיכער געקאָנט נייגיערינקייט לעזען... שטיינער איז יעדע מינוט געלאָפען אין דרויסען און זיך אומגעקעהרט מיט די ווערטער:

— שלום, שלום!..

געזאָגט האָט ער עס מיט אַזאַ טאָן, ווי עס וואָלט איהם כמעט באַנג געטהון...

— — — — — — — — — — — —

די צוויי יודען, וואָס האָבען געדאַוועט האָבען צונויפגעלעגט די טליתים און זיך געלאָזען אַרויסגעהן פון קלייזעל.

— ע, פעטער, וואָס איז דאָס?! — האָב איך זיך צו זיי געווענדעט. — איהר זעהט, יודען זיצען דאָ און וואַרטען, נעהמט איהר גאָר און געהט־אַוועק!..

איינער פון זיי האָט האַלב־אומגעקעהרט צו אונז זיין קאָפּ און האָט געלאַסען געזאָגט:

— יודען וואַרטען?.. נו, זאָלען זיי וואַרטען געזונדערהייט...

— איך פערשטעה נישט, איהר זענט גאָר קיין יודען נישט, וואָס?.. — איז שטיינער צוגעשפּרונגען מיר צו הילף.

דער יוד איז פלוצים אין כעס געוואָרען.

— איך בין קיין יוד נישט?!. ווער דען, איהר אפשר זענט יודען?!. איהר זענט פ׳ין גאַנץ פריה אָן אין אַ מקום־קדוש — צי האָט ווער פ׳ון אייך געדאַוועט, צי האָט עמיצער אפילו תפלין גע־בראַכט?..

איך האָב זיך אַריינגעלייגט אין אַ שלום:

— וואָס טויג מיר דאָרטען — אַלע זענען יודען, אברהם־אבינו׳ס איינקלעך, אָבער — ווי קאָנט איהר גלאַט אַוועקגעהן!..

— נו, און ווער וועט געבען מיינע קינדער עסען, איהר אפשר?.. וואָס וועל איך דאָ שטעהן און היטען אונזערע גבירים, אַ מעהר וועל איך בעסער אַרויסגעהן אויפ׳ן מאַרק, טאָמער וועט גאָט עפּעס צושי־קען.

— וואָסערע גבירים! דאָס קאָן אָנריהרען אייך אַזוי גוט, ווי דעם גרעסטען גביר. מ׳מוז זיך דאָך ווי עס איז בעוואָהרענען!..

דער יוד האָט געוואָרפען אַ פערכטליכען קוק אַרום.

— איהר וועט אונז דערפ׳ון פערהיטען?!.

ער האָט אויסגעשפּיען און איז אַרויס פון קלייזעל. דער צווייטער יוד, וועלכער האָט ביז יעצט געשוויעגען, האָט רוהיג געזאָגט:

— איהר האָט גאָרנישט וואָס מורא צו האָבען — עס וועט, מיט גאָט׳ס הילף, גאָר נישט זיין...

מיט די ווערטער איז ער אויך אַוועק געגאַנגען.

מיר זענען געבליעבען ווי אָבגעשמיעסען...

— געה מאַך עפּעס מיט אונזערע יודעלעך!.. — האָט שטיינער גערעדט מיט אַ ביטערן שמייכעל. — די גבירים וויל ער נישט היטען! ניין, איך וואָלט ניט וועלען זיין אויף משה רבינו׳ס אָרט!..

קיינער האָט איהם נישט אונטערגעהאַלטען. גוטמאַן האָט זיך צו־געביינגען צו מיר און האָט שטיל געזאָגט, ווייזענדיג מיט די אויגען אויף חיימקע גנב, וועלכער איז שווייגענדיג געזעסען אויף אַ באַנק נעבען דער טהיר:

— אָט דער וועט אונז דוקא צו נוץ קומען...

— ער איז צ געגאַנגען צו חיימקען.

— ווי מיינט איהר, ס'וועט עפּעס זיין?..

חיימקע, אַ ניעדעריגער, ברייטביינינגער בחור, מיט אַ קויטיג געזיכט און גרויע אויגען, איז געוואָרען רויט, ווי אַ צוויק, האָט זיך אויפגעשטעלט, אָנגערוקט אויפ'ן שטערן דאָס אַלטע היטעל מיט'ן גלאַנציגען, האַלב־אָבגעריסענעם דאַשעק, האָט זיך ווידער אַניעדערגעזעצט — און נאָך אַמאָל אויפגעשטעלט...

— יאָ, אַודאי... ס'הייסט — כ'וויס?... אפשר וועט גאָרנישט זיין...

ער האָט געקוקט אין אַ זייט און נישט געוואוסט, וואו די הענד אַהינצוטהון. אום אַביסעל איהם אויפצומונטערן, האָט איהם גוטמאַן געגעבען אַ פּאַפּיראָס און דערביי בעמערקט:

— ווען מיר וואָלטען האָבען נאָך אַ ביסעל מענשען, וואָלטען מיר געקאָנט נישט דערלאָזען...

חיימקע איז מיט אַ מאָל לעבענדיג געוואָרען:

— אָהאָ, מיר'ן זיי געבען! איך אַליין קאָן שלאָגען צעהן מאַן!.. איהר זעהט אָט־דאָס־אָ?... — האָט ער אָנגעוויעזען אויף זיין אַ־יזערנעם שטעקען מיט'ן בלייערן קעפּעל. — אַ נו־מאָלטען געה איך אַזוי פון אַ דאָרף, פון זאַקריטשי, פאָהרט אָן אַ וואָגען מיט גוים; טהוט איינער צו מיר אַ געשריי: „ע, טי, זשיד־חאַלאַמיי!".. מאַך איך אַזוי צו'ן איהם: „מאַזעפאַ!"..— אַ נוי, אַז מ'זאָגט איהם „מאַזעפאַ" צינדט זיך אין איהם באַלד אָן די רציחה!.. מיינע גוים שפּרינגען אַראָב פון וואָגען און לאָזען זיך צו מיר... נו־נו, האָב איך זיי געגעבען! איינעם האָב איך געפּעפּט דעם מה מיט'ן שטעקען, נאָך איינעם האָב איך צעריסען די „סוויטע" *) ביז אַרויף; זיי זענען פון מיר קוים מיט'ן לעבען אַוועק!..

חיימקע האָט אונז אַלע בעקוקט מיט גדלות, ווי איינער רעדט: „וואָס זאָגט איהר עפּעס אויף מיר?"..

—חע־חע! — האָט גוטמאַן געלאַכט, אַראָבלאָזענדיג די אויגען..

איינער פון די מלמדים האָט פּלוצים געמאַכט אַנ'ענטדעקונג:

— איהר ווייסט. וואָס איך וועל אייך גאָר זאָגען?.. יעדער יוד קאָן שלאָגען דעם שטאַרקסטען גוי, וואָרום אַ גוי געהט גלאַט מיט גבורה, און אַ יוד נעהמט מיט שכל!..

דערביי האָט ער געוויעזען מיט די הענד, ווי אַ יוד שלאָגט „מיט שכל", נאָר אין די זאַך האָט זיך אַריינגעמישט דער גראָבער פינגער און ביי'ם מלמד איז אַרויסגעקומען אַזאַ תנועה, ווי ער וואָלט פערענטווערן אַ האַרבע קשיא אָדער אַרויסזאָגען א סברא...

— אַודאי אַזוי! — האָט חיימקע בעשטעטיגט מיט דער זיכערהייט פון אַנ'אויטאָריטעט. די חדר־יונגלעך האָבען זיך אַרום איהם אַרומגעשטעלט און מיט ענטציקונג זיך צוגעהערט צו זיינע רעד. דער גנב האָט זיך דערפיהלט איינגאַנצען פריי און האָט אָנגעהויבען זיך צו בעריהמען, דער צעהלענדיג איין מעשה נאָך דער צווייטער:

— איינמאָל אין טאַרטילאָוו, אויפ'ן יאַריד, זענען אויף מיר אָנגעפאַלען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

די זון האָט זיך אויפגעהויבען העכער, און אין קלויז איז געוואָרען הייס. דער שטויב האָט זיך געטראָגען אין דער לופט, האָט אַריינגעדרינגען דורך די פענסטער צו'ן אונז און זיך געלעגט אויף די בענק, אויף די שטענדערס, אויפ'ן רויטען זיידענעם פּרוכת. דאָס גערויש אין מאַרק האָט זיך וועלענאַרטיג געהעכערט און געפאַלען; אין צייטענווייז האָט זיך אונז געדוכט, אז עס איז נישט קיין איינפאַכעס „קול ענות..." אונזערע אויסזעהער זענען נאָך נישט געקומען, און מיר האָבען נישט געוואוסט, וואָס אין גאַס טהוט זיך. פאַר דער צייט האָבען מיר נאָך אַ פּאָר מענשען אָנגעוואָהרען, און אָנשטאָט זיי איז אַ נייער פּאַרשויין געקומען.

געהייסען האָט ער בעני, ר' נחמן טאַרטילאָווער'ס איידעם, נאָר אין שטאָט האָט מען איהם גערופען סתם „דער איידעם". דאָס איז געווען אַ לאַנגער, מאָגערער יונגערמאַן, מיט אַ געדיכט, נאָר קורץ שוואַרץ בערדעל, מיט דינע, בלויע ליפּעלעך א'ן מיט קליינינקע, קיילעכדיגע, ווי היהנערישע, אייגעלעך. געטראָגען האָט ער שטענדיג אַ שוואַרצען סורדוט מיט אַ לאַנגען שפּאַלט, אַנ'איבערהעמד מיט אַנ'אָבגעלעגטען קאָלנער און אַנ'אַכטקאַנטיג קאַשקעטעל פון שוואַרצען זייד. ער איז געווען בעוואוסט אין שטעטל פאַר אַ מושלם אַ חריף און דערצו פאַר אַ מענשען, וואָס ווייסט אויך אין „זייערע" למידים און וועט, נישקשה, פאַר קיינעם נישט אַראָבפאַלען... ער איז שוין דאָס דריטע יאָהר געזעסען ביי זיין שווער אויף קעסט, נישט אַריין טהוענדיג קיין פינגער אין קאַלטען וואַסער. געדאַוועונט האָט ער אין אַנ'אַנדער שול און צו'ן אינז איז ער יעצט, ווייזט־אויס, געקומען זעהן, וואָס טהוט זיך דאָ, און אפשר פערפיהרען עפּעס אַ וכוח מיט די דייטשען, זיי מנצח זיין און דערמיט מקדש השם זיין בפרהסיא און טאַקי אונטערהאַלטען זיין אייגענע רעפּוטאַציע אויך...

אַריינגעהענדיג, האָט ער צו שטיינערן אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ, צו מיר פרעהליך אַ שמייכעל געטהון, ווי איינער רעדט: „מיר ביידע פערשטעהען זיך גוט"... און גוטמאַנען אַפילו די האַנד דערלאַנגט עטוואָס מיט דרך־ארץ: פאָרט אַ „רוסישער" לעהרער... נאָכדעם האָט ער אַרויסגענומען אַ שוועבעלע און אַ שען מעסערל מיט אַ פּערלמוטערן הענטעל, האָט לאַנגזאַם פערשניצט אַ שפּיץ אויפ'ן נישט בעשוועבעלטען עק פון שוועבעלע און גענומען זיך צו רייניגען די צייהן. גערייניגט האָט ער געלאַסען, לאַנגזאַם, ווייזט־אויס, זעהר צופרידען פון פרייטאָגדיגען „ראָסעלפליישי" און פון זיך אַליין. געענדיגט מיט די צייהן האָט ער אַרויסגענומען אַ זילבערנע טאַבאַק פּישקע, האָט פערדרעהט אַ פּאַפּיראָס און פעררייכערט טאַקי מיט דעם זעלבען שוועבעלע. נאָך דעם אַלעמען האָט ער זיך אָנגעלעהנט מיט די עלענבויגען אויף אַ שטענדער, האָט געבלאָזען יעדעם מאָל די באַקען, אַרויסלאָזענדיג פון מויל דעם רויך, און בעטראַכט, ווי ער פלעכט און דרעהט זיך, דורכשניידענדיג אין דער לופט אַ פּאַס, וואָס איז בעלויכטען דורך די שטראַלען פון דער זון...

אַלע האָבען זיך זעהר לאַנגווייליגט, און דער נייער גאַסט האָט קיין פרעהליכקייט נישט צו געגעבען. גוטמאַן האָט אַ גענעץ געטהון.

— איינס... — האָט ער געזאָגט אַקוק טהוענדיג אויפ'ן זייגער. — מ'וואָלט שוין געמעגט געהן עפּעס עסען...

— געדאַוועונט, מסתמא, האָט איהר דאָך שוין, חע־חע...— האָט דער איידעם" געשפּאַסט מיט אַ פריילך שמייכעלע.

— עס פערשטעהט זיך. — האָט גוטמאַן געענטווערט אין זעלבען טאָן. — מיט'ן ערשטען מנין...

— אודאי נאָך אין צוויי פּאָר תפילין?.. — האָט דער איידעם נישט אויפגעהערט זיך צו וויצלען און האָט צופריעדען געגלעט זיין בערדעל.

גוטמאַן האָט נישט געענטווערט. דערפאַר האָט זיך אַריינגעמישט שטיינער מיט אַ בעליידיגטער מינע און מיט אַ שאַרפער איראָניע:

— איהר מיינט, אַז די גאַנצע מענשליכקייט שטעקט שוין טאַקע נאַר אין די, וואָס שאָקלען זיך איבער'ן סדור? ס'קאָן זעהר זיין, אַז ביי אַזאַ פרומאַק אין הארצען זאָל זיין גנבה, גזלה און רציחה, און אַ מענש פון נייעם דור זאָל האָבען אין זיך מעהר „סאָוועסט", ווי ער...

אַרום אונז האָבען זיך אַרומגעשטעלט די אַלע יודען און יונגלעך, וואָס זענען געווען אין קלייזעל. יודען האָבען געעפענט מויל און אויערען אין געוואַרט, וואָס דאָ וועט זיין... „דער איידעם" איז רויט געוואָרען; מ'האָט געזעהען בחוש, אז ער גורט־אָן זיינע לענדען, אום אַרויסצוטרעטען נעגען די, וואָס „לעסטערן די צוילען פון גאָט"...

— און איהר מיינט, אַז די גאַנצע חכמה שטעקט אין אייערע ביכלעך און גאַזעטען?.. דאָס וועט איהר דערצעהלען אייער באָבען, נישט מיר! מיך וועט איהר נישט נאַרען, — איך האָב, נישקשה, געלייענט דעם בעריהמטען „פעדאָן או השארת הנפש", מיט רנ"ק'ס „מורה נבוכים", מיט אַלע „השחר'ס". מ'שטיינס געזאָגט, די חכמה, וואָס עס שטעקט אין „הנדסה" צי אין „ידיעות הטבע"!.. אין „תלמוד" און אונזערע הייליגע ספרים געפינט איהר די אַלע חכמות און נאָך מעשה מרכבה, און חכמת הרפואה, און נתוח, און פילוסופיא, און

*) אַזאַ פּויערש־בגד.

וואס איהר ווילט אין דער וועלט!.. שלמה המלך האָט געזאָגט: אין חדש תחת השמש", האָט ער אודאי געוואוסט, וואס ער זאגט, ווארום מיר זעהן דאָך, אז אלעס, וואס די חכמי אומות העולם האָבען אויסגעקלערט ביי היינטיגע צייטען, האבען אונזערע קדמונים געוואוסט דערפון פריהער!.. א שטייגער, מי לנו גדול פון דער אייזענבאהן?.. — האָבען מיר טאקי אין דער תורה ארמז דערויף, וואָרים וואס, מיינט איהר, איז דער פשט פון „רכב וסוסי אש"?!.

דער אָנפאל איז געוועזן אזוי שטירמיש און אונערוואַרטעט, דאס געשפרעך איז אזוי קונציג פערדרעהט געוואָרען אין א זייט, אַז שטיינער האט זיך אין גאנצען פערלאָרען... בעני ר' נחמנ'ס האָט גערעדט מיט היץ געמאכט מיט די הענד און האָט מיט נצחון נעוואָרפען בליקען אויף אונז אלע. פונקט נעגען איהם איז געשטאנען חיימקע גנב און האט מיט ברייט-געעפענטע אויגען געקוקט איהם גלייך אין מויל אריין; זיין שטערן האט זיך פערקנייטשט און זיך בעדעקט מיט שוויים; דאָס אָפענע מויל האט געטהעמט שווער, און איינגאנצען האט ער אויסגעזעהן ווי דערשראָקען און אראבגעפאלען ביי זיך מיט זיין גבורה...

— ווארט א ווײלע! — האָט שטיינער געפרובט אריינשטעלען אַ וואָרט. — מיר האבען דאָך גאָר גערעדט פון עפעס אנדערש. און וואס איהר זאגט ענטגעגען חכמה...

— ניין, לאָזט רײדען! — האָט דער אײדעם איהם איבערגעשריגען. — אריסטו איז אודאי געוועזן אַ גרויסער חכם, נור דער רמב"ם ז"ל איז געוועזן קלוגער פין איהם, וואָרום מיר זעהען דאָך, אז ווען אריסטו האט געהייסען זיך צעשניידען אויף שטיקער און אריינלייגען אין אַ גלעזערנע כלי מיט שמעקענדיגע בוימלען און אזוינע מיני בשמים, און אז די אבריים האבען אָנגעהויבען זיך צונויפוואקסען, האָט דער רמב"ם, זכרונו לברכה, צעבראכען די כלי ווארום פאר וואָס — כדי דער ערל זאל נאכדעם, אז ער וועט לעבעדיג ווערן, נישט זאגען, אז ער אַיז אַ גאָט.. און ווײעדער זעהן מיר...

— דער יאריד איז זיך שוין באלד אין גאנצען צעפאהרען!..

אַלע האָבען מיט־אמאָל אומגעקעהרט די קעפ אין די זייט, פון וואנען די ווערטער האבען זיך געלאָזט הערען, און האבען אַ ווײלע געקוקט צעטומעלט... פאר אונז איז געשטאנען איינער פון אונזערע שליחים, א ניעדריג יודעל, מיט ארויטער באָרד און מיט אַ גרויסער בייל אויפ'ן שטערן.

— מ'מעג זיך שוין צעגעהן. — האט דאס יודעל גערעדט. — ס'איז, דאנקען גאָט, אָבגעגאנגען שטיל...

מיר האָבען זיך געוואָרפען צו די פענסטער... זיילען שטויב זענען געגאנגען איבער דער גאס, האָבען זיך געהויבען אין דער הויך און זיך פערוואנדעלט אין וואָלקען. אַ צייל פוהרען האָט זיך געצויגען דורכ'ן שטויב, די רעדער און אקסען האָבען געסקריפעט, קיה האָבען געמעקעט, פערד האָבען געהירזשעט, מענשען האָבען גערעדט און געשריגען פון די פוהרען איינער צום צווייטען. אין דערווייטען אויפ'ן מארק, האָבען זיך די לעצטע אָנגעפאהרענדע, נאָר וואָס גריהרט אין וועג א־יין. אין דער מינוט איז פארביי דעם קלייזעל געגאַנגען אַ וואָגען, אין וועלכען עס איז געוועזן געשפאַנט א קליין, מאָגער פערדיל, מיט ביינערדיגע, אָבגעריבענע זייטען; הינטען, צוגעבונדען פאר די הערנער, איז נאָכגעגאנגען אַ געלע קוה מיט ווייסע פלעקען און מיט אַנ'אראָבגעלאזטען קאָפּ; צייטענווייז האט זי זיך געשטעלט, געפרובט זיך איינשפארען, נאָר די שטריק האָט זיך אָנגעצויגען — און ד' קוה האָט זיך געריהרט פון אָרט, נאָך ניעדריגער אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ. אויפ'ן וואָגען, אַריבערגעוואָרפען די באָרפיסע פיס פון דער זייט, איז געזעסען אַ פויער פון אונבעשטימטער עלטער, אין ווייסע לאַנוואַנטענע הויזען, אין אַ ברודיגען העמד און אָהן אַהיטעל; נעבען איהם איז געזעסען זיין פלונית אין אַהעל־קאָליערט שלייער. צווישען זיי איז געווען אויסגעשפרייט אַרויטע פאַטשיילע, אויף וועלכע עס זענען געלעגען קליינע געטרוקענטע פישלעך. אַ לאַבען שוואַרצען ברויט און אַנ'אויפגעשניטענער אַרבוז. אין אַ זייט, פונים היי, האָט אַרויסגעקוקט אַ היבשע „מאָנאָפאָלקע". דאָס פאָר פאָלק האָט געלאַסען, געטוקט אויף אונז און האָט, קענטיג, זיך געוואונדערט — פון וואַנעי האָבען זיך גענומען אין איין הויז אזוי פיעל „זשידעס"?..

אַפאָר מינוט האָבען מיר בעטראַכט אָט־די סצענע. דערנאָך, שווייגענדיג און נישט קוקענדיג איינער אויפ'ן צווייטען, האָבען מיר זיך געלאָזט אַרויסגעהן פון קלייזעל... אין טהיר האָט שטיינער פלוצים זיך אָבגעשטעלט.

— שאַט נאָר, ווי וועט זיין זונטאָג? מ'וואָלט בעדארפט נאָך א מאָל זיך צונויפקליבען...

גוטמאַן האָט אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד, ווי ער וואָלט אָבגעטריעבען א פליעג, און האָט אַרויסגעברומט אונטער דער נאָז:

— מיר'ן שוין זעהן...

ל. שאַפּיראָ.



# שוועסטער.

א דראַמא אין איין אַקט.

(פאָרטזעצונג).

**לאה:** איי, דאס איז נאָך נישט דאָס ערגסטע... דיינע פרומאַקים זענען ערגער, הער... ך'האָב דיר נישט געוואָלט פערציילען... נור דו צאַפּסט פון מיר ס'בלוט, נאַ, דיר נאָך אַ ביסל... (האַלב וויינענדיג) געהאָריווט ביז שפעט ביי נאַכט... פאַרן גאַסט... ס'שאָט נישט, זאָגט די אַלטע מכשפה, ס'וועט זיין תנאים, וועסט דו פע־דיענען... איין אלמן איז ער... געקומען בעקוקען די שוואַרצע, אָנגעשוואָלענע מויד מיט די קעלבערנע אויגען... תנאים וועט זיין... דערווייל אַרבייט... פון די פיס פאַלט מען... טהיי און טהיי, און אַ ביסעל בראָנפען, און פערבייסען... לויף, חאַפּ, טראָג... טראָגען זאָל מען זי אויף דער מטה, רבונו של עולם... נור ביז'ן עק... די רשעים אין גיהנם האָבען אויך אַ מאָל רוה... געלויבט איז גאָט... שוין דרייע דער זייגער... קוּיקעל מיך קוים צו צו דער קיך... ד'פערגעס אפילו ס'לעמפּיל צו פערלעשען, אַז דער קאָפּ דרעהט זיך... מיין כפרה, וועט זי מיר, די מכשפה, אָבשלאָגען פאַר'ן נאַפּט, כפרה זאָל איך מיט איהר שלאָגען, רבונו של עולם... זי האָט עס מיר שוין געזאָגט, ס'מויל זאָל איהר הינטען שטעהען... נור נישט אין דעם געהט עס — — — ד'פאַל ווי אַ הורג אויפ'ן בעט, אין דער ספּאָדניצע, אין די שיך און זאָקען... קוים די בלוזקע אויסגעטהון... ד'ליעג מיט אָפענע אויגען — ד'הער ס'שלאָגט פון שטוב אַרויס האַלב פיער, פיער, האַלב־פינף — פינף, קוים איך דרימעל איין — ר'איז דאָ!

**מירל** (דערשראָקען): דער חתן?

**לאה:** נאָך אַזוי פיעל העזה זאָל ער האָבען? גענוג ר'האָט מיר אַ גאַנצען טאָג געשיקט די הייסע שליחים פון אונטער די ברעמען צום פנים, אין בוזעם אַריין... פון אונטער דער כלה'ס קרומע פלייצע אַ פער... ביי'ם לעך־געלד האָט ער מיר די האַנד געקוועצט, קוועצען זאָל איהם אונטערן האַרץ, רבונו של עולם... ער אַליין איז געקומען, ר' יאָ־קאַ־טע...

**מירל** (נאָך מעהר דערשראָקען): וואָס האָט ער געוואָלט?..

**לאה:** חאַ־חאַ־חא? וואָס ער האָט געוואָלט? וואָס וויל אַ מאַנספערשוין? — כ'חאַפּ מיך אויף, ער טרעסעלט זיך איבער מיר מיט דער גראָבער יאָז... דער אָטהעם ברענט מיך... ווי אַ פערד הירזשעט ער... אויפ'ן בוזעם קריכען מיר די פאות, ווי די ווערם... (שפרינגט אויף) נור אין איהם האָב איך מיר ס'האַרץ געקיהלט! איין איינפאָהר־הויז, מיינט ער! — — אַלע פינף פינגער! ס'האָט געהילעכט! (פאַלט צוריק אויף דער באַנק)

אַזאַ פּנים האָט מען ביי זיי... מען איז גאָר קיין מענש נישט..
מען האָט אפילו קיין דעה נישט... קומסט דו נאָך און טרעטסט
אויך מיט די פּיס... און טרעטסט! (אויסער זיך) אויפ'ן לייב,
אויף דער נשמה!

מירל: (חאַפּט זיך אָן ביי דער האַנד) שאַ, מען געהט! (רעכטס בעווייזען זיך נחמה און זרח).

---

## פירטע סצענע.

די פריִהערדיגע, נחמה, זרח (קומען אָן געאר־מט).

נחמה: (בעמערקענדיג די שוועסטער ציהט אַרויס די האַנד) ציינד, ווער אַביסל פּערשוואוּנדען, זרח...

זרח: ביז מאָרגען?

נחמה: (שטעלט זיך אָב) מאָרגען נישט... מאָרגען איז יאָהר־צייט, אויפ'ן שוחט'ס קבר געה איך...

זרח: אַ נייטיגע זאַך...

נחמה: לאה וויל דוקא... און מילא...

זרח: אַזאַ פרומע נשמה...

נחמה: ס'שוחט'ל? אוודאי! אָבגעקינדרעלט און זיך אַוועקגעלעגט...
קום שפּעטער... אַדיע...

זרח (וויל זי קישען).

נחמה (דרעהט זיך אויס): נאַשער! געה איבערן סקווער... ד'וועל דיך רופען...

זרח: אַז די צנועה וועט אַוועקגעהען...

נחמה: זרח! ד' איז מיין שוועסטער!

זרח: ד'שווייג שוין, ד'שווייג! אַדיע. (געהט אָב רעכטס. נחמה געהט צו צו דער באַנק).

---

## פינפטע סצענע.

די פאריגע, אויסער זרח.

נחמה: (צוקומענדיג) גוטען־אָבענד.

לאה: גוט יאָהר (קישען זיך).

נחמה: (צו מירלען) און דיר פּאַסט נישט צו ענטפערן? (נישט וואַרטענדיג אויף תשובה) און וואו איז אברהמ'ל?

לאה: ער איז געווען, זאָגט מרל, און איז אַוועקגעגאַנגען... ס'איז קאַלט געוואָרען... ער היסט!

נחמה: נעביך... און איך האָב שוין אַזוי געבענקט נאָך איהם...
מען ליובט איהם אַזוי... מיין בעל הבית בענשט זיך מיט איהם
ביי'ם וואָרימעס, זיץ איך אין קיך, הער איך, ווי ער שטראָפט
זיינע בנים... אַ שטיק געזונד איז מיר צוגעקומען... אין פּוטער
האָב איך מיר געשמאָלצען... אברהמ'ל זאָגט ער, איז איין
עלוי... זאַפּט איין די הייליגע תורה ווי אַ שוואָם... אַ שאָד,
וואָס ר'איז נישט דאָ — אַלע ביינדליך וואָלט איך איהם
אויסגעקישט!

מירל: האָסט, ברוך השם, וועמען צו קישען... ער, ברוך השם,
וויל נישט!

נחמה (מוטווילינג) ער וועט עלטער ווערען, וועט ער בעסער ווערען!

מירל: ס'מויל זאָל דיר הינטען שטעהן, רבונו של עולם!

נחמה: שווייג, גבאי'טע!

לאה: נו, נו... הייבט זיך אָן איין עסק...

נחמה: ד'וועל איהר דען ענטפערן? (צו מירלען) נאַ, נעם בעסער
(נעמט אַרויס פערשיעדענע זאַכען פון קעשענע).

מירל: נור, געשווינד, געשווינד! די האַנד ציטערט דאָך דיר!
דאַרפסט געשווינד מיינער פּטור ווערען... איך שטער דיך די
שמחה מיט'ן שוסטער יונג...

נחמה (וואַרפט אַליץ אויף דער באַנק): אַז איך ענטפער דיר
נישט קיין וואָרט!.. מאָרגען ביים קבר וועל איך הערען דיינע
תחנית! אַדיע! (צו לאה'ן) מיר וועלן נאָך צוריק קומען, וואַרט
אויף אונז! (געהט)

מירל: „מיר" — „אויף אונז"... שען דערלעבט... אַ שענע וועלט..

נחמה: (שטעלט זיך אָב) ווייסט די וואָס, מירל? פּאָלג מיך, מאַך
מיך חתונה! עפען דאָס קניפּעל, קאַרג נישט אויף נדן מיט
הלבשה און חתונה הוצאות... שיק נאָך כלי־זמר — טאַנץ
אַ קענען מיט אַ קוילטש — זאָל זיין אַ שוחט'ל, אַבי אַ
מאַן! האָסט? קענסט? — ניין? שווייג זשע! (פערשווינד
רעכטס)

---

## זעכסטע סצענע

די פריִהערדיגע אויסער נחמה.

מירל (שטעהט אויף, וויל געהען)

לאה (פערהאַלט זי ביים קלייד, מיט אַ שוואַכער שטימע) וואַרט
אַ ביסל... זיץ נאָך מיט מיר אַ ביסל.. כ'האָב מורא צו
בלייבען אַליין...

מירל: אַהיים געהט מען!

לאה: (ביטער) אהיים! אהיים וואָלט איך געגאַנגען...

מירל (געריהרט) אַ מענש געהט נישט גראַד אהיים, נור ווי עס איז
איהם בעשערט!

לאה (נאָך אַ קליינע פּויזע) און עס איז דאָ־ט אויך קיינער נישט
דאָ... זיי זענען נעפאהרען בעגלייטען דעם סוחר... דעם חתן
צו דער באַהן — — זיי וועלען קומען שפּעט... און איך
איך האב מורא — איינע אליין... דאָס שוואַרצע קיך־לעמפּיל...
די שאָטען אַרום אויף די אָבגעשיילטע ווענד...

מירל: האב בעסער מורא פאר גאָט... פּאַרכט דיך פאר די זינד..

לאה: (נישט הערענדיג) און שטענדיג אַליין... נאָר אַליין...

מירל: שטענדיג?..

לאה: אוי, ווי דו קענסט בייסען... ווי דו האסט קיין רחמנות נישט!

מירל: און דו אויף נחמה'ן האָסט רחמנות? דו טרענקסט, זאָל זי
אויך טרענקען... אַליין, האסט דו מורא! ווילסט ס'זאָל דיר
היימליך זיין! ציה זי אראָב, אראָב!

לאה: איך ציה נישט קיינעם! יעדערער האט זיין דעה, זיין ווילען,
און זיין האַרץ... יעדערער פיהרט זיין אייגענעם חשבון...
(דערמאַנט זיך, מיט האַרץ) און איך חס ושלום, טרינק זיך
נאך נישט...

מירל: אוודאי.. אַ שפּאַס פון אַ גליק! מען איז דאָך מקנא אָן
דיר! מען בענשט זיך מיט דיר! — — שדכנים קלאַפּען דיר
אָב די שוועל! אַ שפּאַס אַ צנועה — — — און וואָס וועט
זיין דיין סוף, לאה?!

לאה: צום סוף איז נאָך ווייט... און וואָס זאָל זיין דער סוף!

מירל: (זעצט זיך צוריק) און וואָס ביסט דו עס אַזוי ווייס ווי די
וואַנד? און וואָס פאַר אַ רויטע פלעקען האסט דו עס אויפ'ן
פּנים? און וואָס בעטייטען די בלאַנע, בלאַהע רעדער אַרום די
אויגין? און די געשוואָלענע ברעמען? און וואָס בעטייט דאָס
פיבער, וואָס ברענט דיר אין אויג? און וואָס זענען דיר אַזוי
איינגעפאַלען די באַקען? — און די שרעק דיינע אַליין צו
זיין -- און די מרה שחורה דיינע?

לאה: איך דאַ־ף נאָך שיינען ווי די זון? אַזאַ זיס מזל? אַ מענש
האָרעוועט —

מירל: פערדריד מיר נישט די צייהן; האָרעווען האָרעוועסט דו שוין
לאַנג.. און פריהער האסט די דאָך געבליהט ווי אַ רויז,
געשפּיעלט ווי אַ פויגעל?

לאה: ווען פריהר!

מירל: (אָהן רחמנות) פריהער — איידער — דער פעלדשער־
יונג האט דיך אַוועק געוואָרפען!

לאה: (אַרינטערפאַלענדיג מיט'ן קאָפּ צום אַנלעהן פון דער באַנק)

דאס ווייסט דו אויך? — — -- און אין דעם בין איך אויך שולדיג!

מירל: איך נישט! אימזיסט פערלאזט מען נישט.. אז מען איז יוצא אהן חופה וקדושין דארף מען נישט — — — מוז זיין אזא סוף — —

לאה: אוי, ווי שלעכט דו ביסט — — א לייבליכע שוועסטער און אזוי אהן רחמנות... אזוי אהן רחמנות — — וואס שיטסט דו מיר זאלץ אויף די וואונדען? וואס גיעסט דו בוימעל אויפ׳ן ברענעדיגען פייער! מלאך המות מיינער! ווי האט א מענש קיין רחמנות נישט...

מירל: און דו אויף דיר אליין האסט רחמנות? (פויזע) און וואס וועט זיין ווייטער? עס קלינגט מיט דיין פיהרונג — — אין א יודיש הויז אריין וועט מען דיך נישט לאזען — —

לאה: וואס איז? איך ארבייט נישט? א קראנקע, א פוילע בין איך? — די רעשט איז נישט זייער דאגה — —

מירל: עס וועט יאָ זיין זייער דאגה... אז עס וועט ארויס ווי בוימעל אויפ׳ן וואסער — קיין ערליכע בעל הבית׳טע וועט דיך נישט לאָזען איבער די שוועל... בפרט וואו עלטערע קינדער... — זי טאָר עס נישט... די יאָהרען וואָלט זי זיך פערזינדיגט... אפילו א דיענסט וויל מען א לייטישע — א כשר׳ע...

לאה: (צוזאמענגעצייגען, מיט געבעט). מירל... אזוי קען נישט זיין... אזוי טאָר נישט זיין... א תלין זיין פאר איין אייגענע שוועסטער הייסט גאָט נישט! — איך ווייס, האָסט נעביך א ביטער הארץ, מוסט עס אויסגיעסען... נור איך בעט דיך, נישט אויף מיר, — איך האָב שוין קיין כח נישט... א געשלאָגענע בין איך... אָהן חיות... (וויינענדיג) דריי שוועסטער — איינע איין אלמנה, מיט הונגעריגע, באָרוויסע שוועלבעליך — — צוויי פערלאָזטע — — יתומות — -- און לאָז זיין, לאָז זיין, אז איך, בין נישט אזוי — אזוי פרום, אזא כשר׳ע צנועה — אָבער א שוועסטער ביסט דו דאָך, איין עלטערע שוועסטער — — — מען האָט אָן מיר געפעלשט, א גזלן אין פעלד האָט מיך גע־טראָפען און אריינגעזעצט א מעסער אין הארץ... זעה׳סט, עס רינט בלוט... דיין שוועסטער׳ס בלוט... דער עולם ארום אפשר לאכט, דער פרעמדער עולם — אָבער דו, — א שוועסטער, איין עלטערע שוועסטער...

מירל: (שווייגט מיט א פערשטיינערט פנים).

לאה: אָהן א פינק רחמנות... זאל זיין אזוי, אז עס איז אזוי, דארף אזוי זיין... א גיטע נאכט (געהט).

מירל: (שלאָגט זיך מיט דער דעה׳ וויל זי ענדליך צוריק רופען; אין דער זעלבער רגע קומט לאה צי צום לאָמפּ, מירל ווערט פלוצלינג פערציטערט, שרייט מיט א הייזעריג קול) לאה!

לאה: (גיט א ציטער, דרעהט זיך אויס) וואָס ווילט דו?

מירל: אהער! אויף דער מינוט קום אהער!

לאה: (דערשראָקען, פאָלגענדיג, ווי א געשלאָגענער הונד) איך געה דאָך... שריי נישט. (די פיס פאָלגען זי אָבער ווענינ).

מירל: אויף דער שטעל! הערסט!

לאה: (וואקעלט און שלעפט זיך קוים צו פאר שרעק) שא, שא... מען הערט ראָך...

מירל: (נישט ענטפערענדיג; קוקט זי ארום, פערפאטשט מיט די הענד) אוי, אוי! א דונער האט מיך דערשלאָגען... גאָט׳ס שטראָף... קיילעכדיג... קיילעכדיג ווי א פאָס — — שטעהסט נאָך? ארורה— אוועק! (לאה קען זיך נישט־ריהרען) אוועק פון מיינע ד׳אמות — דו... דו... אוועק! און מאָרגען צום קבר — — נישט דו... נישט זי... ניין, ניין קיינער נישט... און נא, נא (ווארפט פון קעשענע ארויס די מתנות איהרע... ווילסט נישט אוועק געהן? (צו זיך) איך, איך געה! (רייסט זיך קוים אָב, געהט, הייבט אָן צו לויפען פערשווינדט).

---

## זיבענטע סצענע.

לאה: (שלעפט זיך קוים צי צו דער באַנק, זעצט זיך, ציהט דערנאָך מיט נרויס מיה ארויף די פיס, זיצט האלב ליגענדיג, איינגעקוילערט. משה׳ל קומט אָן פייפענדיג א ליעדעל).

משה: אה עפיס א ליגענדיגע "סחורה" אויף דער באנק (געהט נעהנטער צו, בעמערקט לאה׳ן, וויל זיך צוריק ציהען).

לאה: (האט׳ן בעמערקט, אָהן א קול) דו... אה... קום צו, נעהנטער...

משה׳ל: איך אייל מיך — —

לאה: ד׳האָב דיר עפיס צו זאָגען —

משה׳ל (אונרוהיג) נור, איך בעט דיך, אָהן טענות (מאכט א טריט נעהנטער) און איך האָב א סך ארבייט — איך בין נור ארויס־געלאָפען פאפיראָסען קויפען... געסט ווארטען. (וויל און האָט דאָך נישט די העזה אוועק צו געהען).

לאה: (נאָך א קליינער פויזע מיט פעראכטונג) פאפיראָסען קוקען דיר ארויס פון ברוסט־טאש...

משה׳ל: זעהסט, ווי דער קאָפּ איז פערדרעהט — — גאָר פערגעסען...

לאה: ד׳ווייס, דו פערגעסט — —

משה׳ל: ביי אזויפיעל ארבייט — — —

לאה: ד׳וועל דיך לאַנג נישט האַלטען... נור עפיס זאָגען וויל איך דיר...

משה׳ל: ביי אזויפיעל ארבייט — — —

לאה: ד׳וועל דיך לאַנג נישט האַלטען... נור עפיס זאָגען וויל איך דיר...

משה׳ל: זאָגען, מהיכא תיתא... נור איך בעט דיך נישט געזידעלט—— זענען מיר ביידע, ברוך השם, נישט קיין פרומע נשמות...

לאה: חס ושלום — — נור — א בשורה וויל איך דיר זאָגען...

משה׳ל: ווערסט אפשר א כלה?

לאה: נישט דאָס -- נור — — א מזל טוב קומט מיר, דיר אויך — גאָט האָט מיך געבענשט... (ווייזט אויפ׳ן בויך).

משה׳ל: (מיט גאלגאן־הומאָר) נישט ער, לאה, דאָס איז גראָד מיין ברכה, אויב ד׳האָב קיין טעות נישט.

לאה: ניין, האָסט קיין טעות נישט.

משה׳ל: נו, קומט אונז טאַקי א מזל־טוב — — —

לאה: און מעהר נישט?

משה׳ל: ווייסט דו וואָס, לאה, איך האָב א בעקאַנטען דאָקטאָר... ער וועט עס מיר טהון אומזיסט... איך וועל אליין ביי איהם נעמען, וואָס מען דארף...

לאה: מעהר נישט?

משה׳ל: וואָס דען ווילסט דו, לאה? צוויי מתים געהען נישט טאנצען...

לאה: געה! אז דו ווייסט שוין, געה...

משה׳ל: איך וועל נאָך צוריק קומען, לאה... אין א האלבע שעה, א שעה... ועסט ווארטען?

לאה: (קאַלט) ניין...

משה׳ל: וועל איך צו דיר א היים קומען — — וועל׳מיר נאָך איבערשמועסען...

לאה: ניין, געה! מענשען קומען אָן...

משה׳ל: ווי דו ווילסט (ריקט זיך געשווינד אָב).

לאה: (פאַר זיך) און דאָס האָב איך ליעב געהאַט... אוי נקבותז נקבות! פאַר די הונד אייך צו ווארפען!

---

## אכטע סצענע.

לאה (עם קומען צו) נחמה (און) זרח.

זרח: (אין דער זעלבער צייט) גוט׳ן־אָבענד, לאה!

לאה (שווייגט).

נחמה: (בויגט זיך איבער איהר פערוואונדערט, הייבט אויף דעם קאָפּ דערשראָקען). לאה, וואָס איז מיט דיר? דיר איז נישט גוט?

לאה: (שוואַך) ניין...

נחמה: זעה, סאַר׳אַ פנים דו האָסט? לאה!

לאה: די ציינהן — איך מיין, דער קאָפּ טהוט מיר וועה... (שטילער) ד׳ווייס נישט, וואָס איך רעד... (העכער) פאַר קאָפּ ווייטאָג— שרעקליכע קאָפּ-ווייטאָג!

נחמה: פערדרעד מיר נישט די ציינהן, לאה! ער איז דאָ געוועז! — דער פעלדשער־יונג!

לאה: (שווייגט, ציטערט).

נחמה: ר׳אי׳געוועז! ר׳אי׳געוועז! וואָס האָט ער דיר געזאָגט!

לאה: גאָר נישט, ער האָט מיר גאָר נישט געזאָגט — איך האָב איהם געזאָגט — — —

נחמה: האסט איהם בעצאָהלט? רעכט אַזוי! ימח שמו — היינט געה איך אַרויס אין דער פריה, שטעהט ער אין יענער זייט סקווער מיט דער געלער מרים און שושקיט זיך, קוועטשט איהר די יד; זי האָט דאך אַ לאַפּע ווי אַ בער!

לאה: (שטאַרק מיעד) מיין דאגה —

נחמה: (נישט גלייבענדיג) אַזוי גאָר?

זרח: (צו זיך) דאָס הייסט אַ גאָלד פון אַ מויד! האסט געגוג? מהיכא תיתא, געה דיר געזונטערהייט!...

נחמה: וואס מורמעלסט די דארט, זרח!

זרח: ד׳זאג — אַ פארלעץ איז ער.

לאה: (וויינט שטיל).

נחמה: וואָרט! ער וועט קומען אויף מיינע הענד! ער ריקט זיך צו צו מיר — — — ער קוועטשט די געלע ביי דער יד און ער שמייכעלט צו מיר... ער זוכט שוין לאנג מיט מיר עסקים, דאָ וועט זיין זיין שווארצע חופּה! איך וועל איהם בעצאהלען — פאַר אלע! וואָרט!

זרח (מיט פאָרוואורף) נחמה!

נחמה שווייג, איך ווייס וואס איך רעד!

זרח: איך אבער בעשטעה נישט דערויף.

נחמה: האסט מיר נאך קיין דעה נישט צו זאגען; נאך פאר׳ן „הרי אַת״ — —

לאה: און ווען וועט ער זיין?

נחמה: אין לאנגען דאנערשטאג, וואס וועט נעפאלען אין קורצען פרייטאג...

לאה: אה.. דו אויך — — —

זרח (אין דער זעלבער צייט): אבער נחמה... ווי דו רעדסט... וואס גלייכסט דו מיך צ׳ם שאַרלאטאן!

נחמה: אלע הונד האבען איין פנים — — נור נישט דיין זאך...

זרח: נו, נו — וועל מיר זעהען... זאל ער זיך צוריהרען צו דיר — א נאָל שטעק איך אירם אין טרפה־הארץ אריין...

נחמה (לאכענדיג): נו, דאס וואלט גראד נישט געשאדט.

לאה: איך וויל מיט דיר עפּיס רעדען, נחמה.

נחמה (זעצט זיך) רעד, רעד (נעמט זי אַרום און קישט זי) רעד, נשמה מיינע... רעד דיר אָב פון הארץ...

לאה: נישט דאס... מיט דיר וויל איך רעדען — — אינטער פיער אויגען...

נחמה: הערסט, זרח! האפּט דיך דער רוח אויף אַ וויילע!

זרח: אויף ווי לאַנג, קרוין מיינע!

נחמה: נור אָהן זיסע ריידאלעך — — ביז איך וועל דיך רופען.

זרח: אַז די הייסט, פאָלג איך... געהט (לאַנגזאַם אויף און אָב איבערן וועג, נור האַלט זיך ניט ווייט פון דער באַנק)

נחמה: (צו לאה׳ן) מיין זרח... געטריי איז ער, ווי אַ הונד.

לאה: דיין איז ער?

נחמה: אוודאי מיין! ער הענגט אָן מיר!

לאה: אויף ווי לאַנג?

נחמה: איך זאָג: ברוך ה׳ יום יום... אויף מאָרגען זאָל גאָט זאָרגען...

לאה: גאָט וויל, יעדערער זאָל פאַר זיך זאָרגען...

נחמה: (שפּרינגט אויף) וואָס פאַר אַ תחנה לשון? דו אויך?

לאה: און מאָרגען אַז ער וועט האָבען געגוג — —

נחמה. געגוג וועט ער נישט האַבען און אַז יא — צו אַלדע שוואַרץ יאָהר — אויף אַלע פיער ווינטען!

לאה: ווילסט נישט מיט׳ן חתונה האָבען?

נחמה: איך ווייס? איך זעה מירל׳ס מזל...

לאה: נישט אלע ווייבער ווערען אלמנות — —

נחמה (פערטראכט א ביסל) אמת... זרח׳ן וואלט אזוי גיך דער רוח נישט געחאפט... אבער דער מיהמע ביילע׳ן איז בעסער? זי האט א מאן — אבער מיט אכט קינדער! — — נור גלאט, קעגען קינדער איז פערהאן עצות — —

לאה: וואס קעדסט דו, נחמה?

נחמה: וואס אלע רעדען...

לאה: מען טאר נישט אזוי...

נחמה: מאלע וואס מען טאר נישט... אז מען האט א ברירה, קלויבט מען אויס וואָס מען מעג... און אז מען האט קיין ברירה נישט? טהוט מען, וואס מען קען... מיין פרומע בעל־הבית׳ע האט שיער נישט קרעפּיערט... זי האט דאס פינפטע נישט געוואלט!

לאה: און גאט שטראפט, אז מען זינדיגט! מיך האט ער שוין געשטראפט... אוי, אוי, נאך ווי געשטראפט! נחמה, דו ווייסט נאר נישט, ווי גאט קען שטראפען — — א מענש ווערט מבוזה ביי זיך אליין... קען זיך אליין נישט ליידען, מאוסט זיך פאר זיך אליין, ווי פאר א מאוסען ווארם...

נחמה (האלב שפאס, האלב ערנסט): לאה, בעהאלט די רעשט אויף מארגען...

לאה: וואס מארגען?..

נחמה: מאָרגען אויפ׳ן הייליגען אָרט...

לאה: מיר וועלען נישט זיין אויפ׳ן הייליגען אָרט...

נחמה: מאָרגען איז דאָך די יאָהרצייט... מיר געהען דאָך אַלע יאָהר צום קבר...

לאה: מאָרגען נישט - מירל וויל נישט...

נחמה: ווער הערט זי? (אומרוהיג) און פאַר וואָס וויל זי נישט?

לאה: זי זאגט, אז מיר — — אז מיר שענדען דאָס קבר...

נחמה: (צורידערט) איך האָב נאך קיין שלעכטס נישט געטהון, לאה?!

לאה: ווייסט דו טהון... אונזער לעבען געהט משופּע אַראָב... משופּע...

נחמה: (להכעיס) און אז איך וועל וועלען, וועל איך טהון! כל־דאס—בייז! און וועל קיינעם נישט הערען, נישט מירלען, אפילו נישט דיך.

לאה: נחמה!

זרח (בעווייזט זיך צוריק צו וועגס):

נחמה (רופט צו): זרח! (ער קומט צו נענטער) איך בין א שענע מויד, זרח?!

זרח: ווי די זון!

נחמה: האסט מיך ליעב?

[ענדע קומט].

י. ל. פרץ.



* * *

(אן א. רייזען).

---

מאוס איז דאך ניט די ערד,<br>
ווי דו מיינסט און קלערסט מיין פריינד:<br>
טוידט דער פראסט די בלומען אב<br>
לעבט זיי אויף די זון, ווען ס'שיינט...

ווערט א פויגעלע געטוידט<br>
פון א קויל אין וואלד א מאל,<br>
ווערען אנדערע פויגעלעך<br>
דאך געבוירען אהן א צאהל...

ליעבליך איז די ערד, מיין פריינד,<br>
ווי א מוטער צו איהר קינד:<br>
ברעכט דער ווינד א צווייגעל אב<br>
וואקסט א צווייטער אב געשווינד...

יוסף קאפלאן.



# פון וואס ווערען בעשאפען אידעען?

פון ל. קרזשיוויצקי.

איבערזעטצט פון ד. דרוק.

---

(פארטזעצונג).

לכתחילה, עהדער שטעדט האבען ערשיינט און עס זענען נאך קיין וועגען ניט געוועזען, וואס זאל צו זיי פיהרען; נאך עהדער עס זענען קיין יאהרמערק ניט געוועזען, וואס ציהט, געוועהנליך, צו סוחרים פון די ווייטעסטע לענדער, האבען זיך ביז דענסטמאל די שטאדט-לייט וועניג אינטערעסירט, פאר וואס עס איז ניטא קיין שטארקע, צענטראליזירטע מאכט, וועלכע זאלל קאנען איינשטעלען אין לאנד א ארדנונג. נאר מיט דער צייט בייט זיך דאס אלצדינג אום. דער מאנגעל אין א צענטראליזירטע מלוכה הייבט אן צו פערהאלטען דעם פראגרעסיווען גאנג פון די פראדוקציאנס קרעפטען, וואס האבען געקראגען אגוטען ארט אין שטאדט, און וועלכע זענען אבהענגיג פון דער מעגליכקייט צו האנדלען אויסער דאס איינענע שטעדטעל. ס'פערשטעהט זיך אז די וועגען זענען פול געוועזען מיט גזלנים און גנבים. ווער עס האט נאר געוואלט, אפילו פירסטען, האבען געראבירט וואס מ'האט געקענט, ווי באלד עס איז ניט געוועזען אזא מאכט, ווער עס זאל זיי אבהאלטען און זיי זאלען פאר איהר מורא האבען. דער ריטערליכער שטאנד קוקט אויף אזא בעשעפטיגונג, ווי אויף זיין אייגענע פריווילעגיע. אונרוהען און מלחמות איז שוין א געוועהנליכע זאך. אויב עס זענען קיין מלחמות ניטא, ראבירט דענסטמאל דאס מיליטער אייגענע און פרעמדע.

ווי די מעשה איז זעהען מיר ארוים, אז דער קאמפף איז צווישען די שטעדט און פעאדאליזמוס א נאטהווענדיגקייט.

אין אנהייב קעמפפען ביידע צדדים צווישען זיך צו ווארפענערהייט, אהן א ברעקעל פעראייניגונג. אנדערס, נאטירליך, האט עס אויך ניט געקענט זיין, ווייל עס איז ניט געוועזען די מעגליכקייט זיך צו טרעפען און זיך צו פעראייניגען מיט דערבייאיגע שכנים. יעדער שטאדט סטארעט זיך בעזונדער אבצושיוואכען די שלעכטע זייטען פון דער פעאדאלער ארדנונג. אלע ארבייטען איינציגווייז און ערשט אין א צייט ארום הייבען זיי אן אריין צו געהן אין א פערבינדונג מיט די איבעריגע שטעדטליך. נאר דאס פאסירט אין די גאנץ שפעטיגערע צייטען. פריהער אבער זוכען די שטעדט א בעשיטצער. די מאנארכען גיעבען זיי א „פריעדען" ד. ה. זיי נעהמען אויף זייער פערזענליכע שמירה און אחריות אלע סוחרים, וואס פארפאהרען אויף די יאהרמערק אויף א געוויסען טערמין. אפילו קארל דער גרויסער האט שוין אין זיין צייט איינגעטיילט פאר די שטראסבורגער קויפלייט אזא מין „מארק פריעדען". און נאך דערצו פריי צו האנדלען איבער די גאנצע מאנארכיע, און דאס רעכט צו האלטען אויף אייגענע רעכנונג א בעוואפענטע קאמפאניע. די זעלביגע זאך הייבען אן נאכצומאכען די פירסטען און בישעפען: דעם זעלביגען „פריעדען" טיילען זיי צום אנפאנג איין מעהר ניט ווי איינזיגע אדעליגע סוחרים, נאך דעם בעקומט איהם די גאנצע קויפמאנשאפט און ענדליך, אלע בירגער. נאר ניט אומעטום קען אזא זכות טויגען. דארטען, וואו די קעניגליכע מאכט האט נאך קיין דעה ניט, אז מען זאל פאלגען איהרע כתבים, קענען אזעלכע פריווילעגיען וועניג וואס העלפען. דארויף האט אבער די קירכע נעהאט א גרעסערען איינפלוס. די שטעדט קויפען איין א „פריעדען" פון דעם הייליגען פאטער", די סינאדען בעשיטצען די קויפלייט איינינע טעג אין יאהר, א. ד. ג. עס טרעפען א זעלכע ריטער און אפילו פירסטען, וואס האלטען אויס א קאמפאניע סאלדאטען" און זיי ווערען אבגעדינגען אויף צום בעגלייטען די סוחרי'שע קאראוואנען.

די אלע געזעטצען, וואס קומען אריין איבער די ענטוויקעלטע שטעדט, בעווייזען אונז ווי ווייט עס איז נייטיג פאר זייער עקזיסטענץ זיכערקייט און ארדנונג. אין דער זעלביגער צייט אבער קענען די פארשטעהער פינ'ם פעאדאליזמ'ס זיך ניט אבשיידען פון שטרייטען אין מלחמות. די שטעדטליך ווערען אונטער דעם שוטץ פון די „פריעדען", די הויפט מיטטעל פונקטען פון רייכטום אין מאכט". זיי דינגען זיך מיליטער אין הייבען אפילו אן מלחמה צו האלטען מיט די דערבייאיגע בארָאנען.

נאכ'ן ערך נאך ווי עס וואקסען אליץ אין די שטעדט מעהרער צי די פראדוקציאנס-קרעפטען, קומען ווידער ביסליכווייז אן נייע געדאנקען אין שטרעבונגען. די שטעדט הייבען אן, איבער די דריקונג פון עלעמענטארישע ענטוויקלונג, צו שמיעסען, אז מען זאל אויסברייננגען די שלאס קאמפאניעס און ס'זאל פערגרעסערט ווערען דער אויטאריטעט פון די קיסרים; אז ס'איז נויטיג א שטארקע צענטראלע מאכט, וועלכע זאל אויספיהרען די פאליציילכע אין געריכטליכע ארבייט פון דאס גאנצע לאנד. מען דארף פון דעסטוועגען ניט מיינען אז די שטעדט און שטעדטליך האבען נאר חשק אליין צו אזא ארדנונג. דערמיט אליין איז נאך צו וועניג אז זי זאלען בעשאפען ווערען. די גאנצע זאך איז וואס זיי בעשאפען טאקע אזעלכע מאטעריעלע בעדינגונגען, וואו אזא ארדנונג קען פערווירקליכט ווערען און א קיום האבען אין לעבען. די געזעלשאפטליכע עלעמענטען, וואס ווילען אויך א ביסעל אונטערדריקען די באראנען, נאך די געזעטצען פון דער פעאדאלער ארדנינג גופא, ד. ה. דער צד פון דער קעניגליכער הערשאפט, הייבען אן מיט דער אידעע צו סימפאטיזירען אין איהר אונטערצושטיצען. טהעארעטיש, על פי דין הייסט עס, איז טאקע דער קעניג דער מקור פון אלע פעאדאלע רעכטען, אין דער אמת'ן אבער, אין דער פראקטיק, — ווי מיר זעהן אין די רעגירונגס צייט פון קארל דעם גרויסען, — בלייבט עס א טוידטער בוכשטאב און ס'איז ווערט א אויסגעבלאזענע איי. אז עס הייבען אן זיך צו ענטוויקלען שטעדט, האנדעל, וועגען, מיט איין ווארט די גאנצע פראדוקציאנסקרעפטען, געפינט שוין דער קעניג זעהר פיעל מענשען וואס שטימען מיט איהם איין, און זיין גאנצער אויטעריטעט, וואס ס'איז פריהער פערשוואונדען געווארען איבער דעם צעווארפענעם צושטאנד פון די רעאלע לעבענס בעדינגונגען אינ'ם דרייצענטען אין 14-טען יאהר-הונדערט, הייבט זיך אן מיט דער צייט צו פערגרעסערן.

אָט דאָ הייבען שוין אן די שטעדט צו שפּיעלען אַ גרויסע ראָלע. די ערשטע קעמפּפער פֿאַר אַ צענטראַלע מאַכט זענען זיי, ווייל אין זיי געפֿינט זיך די הויפּט פּראדוקציאָנס קרעפֿטען, וואָס פֿאַראייניגט דאס גאַנצע לאַנד, און ווייל זיי האָבען טאַקע די בעסטע מאַטעריעלע און גייסטיגע מיטלען מיט וועלכע עס איז מעגליך צו דערשטיקען די פֿעאדאלע ווילדקייט. זיי הייבען אן צו קאָנספּירירען מיט די קיסרים צוזאַמען קענען די רייכסטע פֿירסטען; זיי דערלאַנגען די בעסטע יוריסטען, וואָס מאַכען מיט זייערע פּירושים א תהו ובהו פֿון פֿריהעריגע דינים; די פֿאָרשטעהער פֿון דער צענטראַלער אויטאריטעט גיעבען זיי גוזמאות געלד; זיי בעשאַפֿען א נייע מיליטערישע מאַכט, — אינפֿאַנטעריע (פּעכאָטע) וועלכע ווירקט, איבערהויפּט נאָכדעם אַז מ׳האָט ערפֿונדען פּולווער, צו צערשטערען די מיליטערישע בעדייטונג פֿון דעם ריטער־ליכען אָרדנונג.

אין דעם פֿריהעריגען טייל האָבען מיר, הויפּטזעכליך, געבראַכט ראיות פֿון דייטשלאַנד, איצטער האָבען מיר זיך כמעט אין גאַנצען אָבגעשטעלט אויף די געזעלשאַפֿטליכע ענטוויקלונג פֿון פֿראנקרייך, דאָס איז דערפֿאַר וואָס דאָרטען האָט מען די שטרעבונגען געקענט אַרויס זעהען אין אַ קלעהרערע פֿאָרמע. די יעצטיגע צענטריליזאַציאָן אין רעגירונגס טהעטיגקייט זענען ערשט פֿון נאדעל ניט אַרויס. דאָס זיינען נאָר די לעצטע רינגעלעך פֿון יענע גאַנצע קייטעלע ענדערונג, וועלכע האָבען זיך אָנגעפֿאַנגען מיט דעם אבטיילען די האַנדווערקער פֿון דער לאַנדאַרבייט, מיט דעם צונויפֿזאַמלונג פֿון דער אינדוסטריע אין די שטעדט און מיט דער ערשיינונג פֿונ׳ם האַנדעל צווישען דעם אָבגעזונדערטען האַנדווערקעריי צענטער. דער „פֿריעדען״ פֿין קאַרל דעם ערשטען איז געוואָרען אלס אַנ׳אלגעמיינע זיכערקייט פֿאר די איינוואָהנער פֿון דאָס גאַנצע לאַנד, און דורך די טעארעטיקער פֿון געזעטצען איז עס אַריבער אין אַ „רעכטס״ אין „פּאָליציי״ רעגירונג.

(Rechtsstaat uud Polizeistaat)

(פֿאָרטזעצונג קומט).



# העברעאישע פובליציסטען.

די לעצטע געשעהענישען אין רוסלאַנד, די ווינדען וואָס בלאָזען פֿאָרלויפֿיג נאָך אפֿשר אונהיימליך, אָבער דער, וואָס פֿערשטעהט ווינדען־לשון הערט אין זיי עפּיס פרייליכע נביאות, וואָס וועט געשעהן ניט באחרית הימים, ווי מען האָט אמאָל געמיינט, נאָר טאקי בימים האלה ובזמן הזה... די דרייסטע שטימען פֿון פֿיעלע יודישע יונגע לייט, וואָס בעטען ניט, נאָר פֿאָדערן מענשען רעכט פֿיר אללע מענשען גלייך, דאָס רעכע־נען זיך מיט די דאָזיגע פֿאָדערונגען,— דאָס אללעס איז ווי א טויט־קלאָפּ פֿאַר דעם ציוניזם. די ציוניסטען, ווי זיי ווייט קורצזיכטיג זיי זענען ניט, זעהען זיי עס דאָך, ווי ווייט טויב זיי זענען ניט, הערען זיי עס דאָך. און אזוי ווי די פֿלעדער־מייז ביי אַ זונען שיין, פֿלאַטערן זיי נעביך און זוכען פֿערווירט ערגיץ אַ פּיצעל שאָטען, וואו זיי זאָלען קע־נען שויך געפֿינען, דאָס ליכט זאָל זיי אזוי נישט בלענדען די אויגען.

און ווען אין רוסלאַנד, וואו עס געפֿינען זיך דאָס רוב פֿלעדערמייז־ציוניסטען, איז שווער יעצט אַזאַ שאָטען צו געפֿינען. וואו דאָס ליכט פֿון דער באַלדיגער אנקומענדער זונן פֿערטרייבט שוין די שוואַרצע נאַכטשאטענס, וועגדען זיך נעביך די אַרעמע פֿלעדער מייז מעבר לים. אין אמעריקאַ, אפּשר וועלען זיי דאָרטען אַ שטיקעל שאטען, אַ ברעקעל צייכען פֿון נאַכט געפֿינען.

און אַ געוויססער פֿלעדער־מויז, וואָס געפֿינט אימער שויך אין דער פֿינסטערניס פֿין „הצפירה״, וואו עס איז ווירקליך שטענדיג פֿינסטער, האָט זיך איינגעשטעלט און אויסגערופֿען:

עס איז נאַכט, נאַכט! אין ווייסט איהר וואו? אין דער ליכטיגער אַמעריקאַ.. פֿלעדערמייז! זענט ניט אראָפּגעפֿאַלען! עס איז נאַכט... און די פֿלעדערמויז ברענגט סמנים, און ניט נור סתם סמנים, נור „סמנים מבהילים״ — שרעקליכע סמנים.

מיט זעקס יאָהר צוריק (!!) שרייט אויס די פֿלעדער־מויז האָט מען געהרגט אין ציקאגא — דריי יודען. אין אמעריקא איז אויך פֿינסטער, חשך. פֿלעדערמייז! לאָמיר ניט אראָבפֿאלען ביי זיך! אין דער ליכטיגער אַמעריקא האָט מען געהרגט מיט 6 יאָהר צוריק דריי יודען. פֿלעדער מויז צו דער אַרבייט! מיר האָבען פֿאַקטען, מיר האבען ציפֿערן, לאָמיר מיט די פֿאקטען און ציפֿערן זיך אָנוואפֿענען און פֿער־טרייבען פֿון די זונן, וואָס וויל אונזער נעסט — דעם ציוניזם פֿערברענען...

---

עס איז אבער שפּעט! קיינער וועט דער פֿלעדערמויז נישט גלויבען. דאָס הייסט, אַז מען האָט געהרגט מיט 6 יאָהר צוריק דריי יודען אין ציקאגא איז, וואהרשיינליך, אַן אמת. נור אז מען האָט זיי געהרגט נור דער פֿאַר וואָס זיי זענען יודען — דאָס איז געוויס אַ ליעגען. ווייניג סתם רציחות טהוען זיך אָב אויף דער וועלט! ווייניג יודען הרגנען יודען! זאָל די ציוניסטישע פֿלעדערמויז, וואָס קומט מיט „סמנים מבהילים״, מאַכען אַ רוהיגע סטאַטיסטיק אין ווארשוי, ווי פֿיעל יודישע מעסערניקעס הרגנען אויס זייערע ברידער־יודען, אין אַ יאָהר. איבריגענס, זאָל די פֿלעדערמויז מאַכען אַ סטאַטיסטיק, וויפֿיעל אַראבער הרגענען אויס די יודען אין פּאלעסטינאַ, אין דאָס לאַנד, וואָהין די פֿלעדערמייז בעפֿעהלט זיך צו־פֿעדקלויבען — דאן וועט אפֿילו זי ניט האָבען קיין העזה אין אַזאַ צייט צו קומען׳מיט „סמנים מבחילים״ צו שרעקען דעם עולם, און צינישׁ צו רכילית׳ן אויף דאָס פֿרייע ליכטיגע לאַנד, וואו יודען האָבען רוה גע־פֿונען און זענען שטענדיג זיכער געוועזן...—

א. ר.



# נייע בריוולעך.

---

(ענדע).

איך בין קיין חוקר ניט, אָבער אַז איך טהו אמאָל אַ טראַכט אין עצם הענין אַריין, פֿאַר וואָס רעדען די אומות פֿערשיעדענע לשונות: דאַכט זיך אַלע מענשען האָבען איין מויל און איין צינג, וואָס איז אַ חוץ דעם תירוץ פֿון׳ם דור הפלגה נאָך אָט דער, דאָס זאָגט מיר דער שכל הישר מיינער: למאי וואַקסט דאָ קאָרען און דאָ ווייץ און דאָ האָבער און דאָ גאָר קרויט. –- וואַקסען וואַקסט אלעס אויף איינער ערד, אָבער ס׳איז דאָ פֿערשיעדענע מינים און אַזוי איז דאָס אויך מיט די אומות... און וואָס איך לערען פֿון דעם אַלעמען א״ז. אַז האָבער און ווייץ און קאָרען וכל המינים וואַקסען אויפֿ׳ן פֿעל ווען מ׳אַקערט דאָס און מ׳זייעט און ס׳גנעהט רעגען, אַליך וואַכסט אויפֿ׳ן

פֿעלד אָבער ניט אויפֿ'ן בוידעם... פֿאַרקעהרט, אַז מ'לעגט אַנידער אויפֿ'ן בוידעם אָבגעשניטענעס ווייץ און ער ליעגט לאַנג פֿוילט ער... די ערד אָבער ניט אַלעמען דעם כח צו וואַקסען און צו געראָטען. און דרום זאָגט מען משנה עתים ומחליף את הזמנים, דרום בעט מען אויף רעגען און אויף די זון. איהר פֿערשטעהט, א ברכה מאַכען איז ניט די, אַז מ'גיט זיך כלומר'שט אַ וואַש צום עסען מיט אַ צערשפּאַלטענער קוואָרט, וואָס האַלט ניט אפילו אַ רביעית מים און מ'ווישט זיך אָב מיט'ן קויטיגען האַנטוך און מ'זאָגט על נטילת ידים, — נור אַז מען געהט אַרויס אויפֿ'ן פֿעלד און מ'זעהט, וואָס די ערד גיט...

וואָלט איהר אַרויסגעגעבען אייער בלאַט אין ארץ ישראל, צו אין איין אנדער לאַנד, וואָס איז גאַנץ שייך צו יודען און יודען האָבען דאָרט צו זאָגען. איהר וואָלט אייך געזעסען און געש־יעכען און מיר וואָלטען געהאַט אָקסען און פֿערד און רינדער און נעאַקערט אונזער לאַנד און געזייעט אונזער ווייץ און ס'וואָלט געוועזען בא גד! און אַלע יודען, ווי איין מענש, וואָלט זיך דעמאָלט איינגעשפּאַרט. מיר ווילען ניט מעהר וויסען פֿו'ם לשון קודש'ן און ווילען נור יודיש און גאָלע יודיש, לשון קודש טאָר מען ניט אפילו במשהו, וואָלט מיר אַוודאי וועה געטהון דאָס הארץ, און איך וואָלט געגאַנגען צו דער מוטער רחל'ס קבר קלאָגען, זאָל זי קומען און זאָגען: קעהרט זיך אום קינדערליך צו מיר. אין דערנאָך, אַז איך וואָלט מיך אויסגעוויינט, בין איך אויך אַ סוחר'שער יוד, וואָס ווייסט אויך פּראַקטיק. וואָלט איך געזאָגט, איהר ווילט יודעלעך, ס'זאָל בלייבען, ווי רייזען זאָגט, נעחאַי בירע! לעבט אייך געזונ־טערהייט, ביי זיך אין דער היים האָט איהר דעם רצון און די דעה. נור אָבער זיצט איהר לעת עתה אין אַ לאַנד, וואָס איז שייך צו פּוילען, שרייבט פֿאַר יודען, וואָס זיצען אין רוסיש־פּוילען און אין רוסלאַנד, און אין אַמעריקא, און מיר זענען צוזייעט און צושפּרייט אויף שבעה ימים. ווי ווילט איהר, אַז אייער יודיש זאָל האָבען אַ קיום? ווי קענט איהר דאָס מאַכען, ווי איך האָב שוין אויבען געזאָגט, אַז קאָרען זאָל וואַקסען אויפֿ'ן בוידעם.

נור וואָס דען, איהר וועט זאָגען, אין מקשין על מעשה שהיה. קשיות אַהין, קשיות אהער. אַ אומה, וואָס אפילו אויב מע רעכנט אָב לווידוויפֿאָלען און נאָך אַזעלכע מצה שמורה־נקעס אין לשון קדש'ן, בלייבט נאָך איבריגע דריי צו פֿיער מיליאָן צו גאָר פֿינף, וואָס רעדען יודיש און דוקא יודיש. איז מיר דאַכט זיך — שוין אַ מטבע... און פֿאַרקעהרט. וועט איהר זאָגען, אַלע לשון קדש'ע קענער אינאיינעם, מיט אַלע לעהרערס און די שרייבערים, וועלען אפשר זיין בסך הכל אפיערטעל מיליאָן, צו וועניגער צו אַביסעל מעהר, זאָגט דאָך שוין די תורה: אחרי רבים להטות! אָבגעזאָגט און פֿערטיג, אָבער איך האַלט אייך צו ביי דער פּאָלע און זאָג אייך, אַז אָהן אט דעם מעוט, וואָלט יענער רבים גאָר ניט געוועזען. יאָ, וואָלטען מיר אונז ניט געוועזען איינגערעדט הינדערטער יאָהר, אַז מיר יודען זענען אַלע שני למלך'ס און ס'וואָלט אונז ניט געוועזען אויסגעטייטשט דעם טעם פֿון אונזער גלות, אַז עס מוז אַזוי זיין און ס'קען נור אַזוי זיין, אַז מיר זאָלען זיין אין דער פֿרעמד, כדי מיר זאָלען האַלטען אין איינעם און אָבהיטען יודישקייט מיט אַלע פּינטעליך, און באשטעהען דעם נסיון; וואָלט ניט געוועזען דער שמע קולינו און די שטילע שמונה עשרה, און די מנוחה פֿון שבת מיט אַלע ספרים אויף לשון קדש, כאָטש דאָס רוב פֿון אונז קען זיי ניט ליינען, — וואָלטען מיר ניט געקענט זאָגען „דער גאָט פֿון אברהם" אויף יודיש...

און אפילו אַז ס'איז דא אויפֿגעקלערטע און מען זאָגט זיך, דאָס אַלעס, וואָס די לשון קדש'דיגע ספרים האָבען אונז געזאָגט איז געוועזען אַ טעות, אַ לאַנגער גרויסער טעות פֿון אלף ביז תיו, מוז מען דאָך זאָגען, אַז אונזער טעות האָט אונז געהאַלטען אַזוי לאַנג.

אַלזא איז היינט נאָך אַ אַנדער דור און איך הער, ווי מיינע אייגענע עלטערע קינדער ביים טיש רעדען פֿון אַלי'ן דעם גאָר אנדערס. אודאי קען מען זיך ניט צודריקען ביידע אויגען, נאָכדעם, מען האָט אנגעהויבען צו זעהען קלאָר און עס ווילט זיך צוזעהן פֿאַר יודען עפּיס אַנדערס און צו מאַכען עפּיס אנדערס, אָבער וואָס ניצט דאָס אַלעס, אַז דער כח פֿעהלט, דער כח פֿון וואַקסען.

איהר זענט יונגע לייט, און אַז איהר רעדט אייך אַרויס אייערע נייע דעות אויף יודיש, מיינט איהר, אַז דאָס איז סמני גאולה, איך אָבער בין אַ עלטערער און איך זעה ווייטער. איך זעה, אַז אויב מיר וועלען נאָך ווייטער בלייבען אין גלות. וועט קומען אַ צייט, וואָס מען וועט זיך מוזען שלאָגען, מיט די קינדער, וועגען דאָס יודיש רעדען, ווי אַצינד וועגען דאָס לשון קדש'ע, טאָמער איז זי שוין געקומען...

דער איינענער.



# טעאַטער.

די קאָמעדיע אין דריי אַקטען „צעזייט און צעשפּריי ט" פֿון „שלום עליכם" האָבען מיר געלעזען מיט אַ פּאַר יאָהר צוריק אין דער „יודישער פֿאָלקס צייטונג". געלעזען האָבען מיר עס מיט פֿערגעניגען, ווי מיר לעזען אַלץ, וואָס עס געדט אַרויס פֿון דעם אונגעוועהנליכען טאַלענטפֿאָלען הומאָריסט. וואָס פֿיר אַ מול אַזאַ קאָמעדיע קען האָבען אויף אַ ביהנע דאָ בען מיר ניט געוואוסט. צוליעב אונזער משונה־אונגאָרמאַלען לעבען האָבען מיר ווי פֿערלאָהרען דעם גלויבען אין אונזערע קרעפֿטען. צוליעב די נעמאַכטע התפעלות, וואָס מיר בעקומען פֿון יעדען פֿרעמדען ווערק, האָבען מיר פֿערלאָהרען דאָס נאַטירליכע געפֿיהל פֿון התפעלות, בנוגע אונזערע אייגענע ווערק. די קאָמעדיע „צוזייט און צושפּרייט" האָט די יודישע פּרעסע כמעט, ווי איגנאָרירט. דער „בערידמטער" קריטיקער פֿון פֿריינד Agrin, קריגענדיג קעלבערנע התפעלות פֿון יושקעוויטשעס „ראַספּאַד" האָט פֿערביינעהענדיג אויך דערמאָהנט די קאָמעדיע „צוזייט און צושפּרייט", נאָר האָט עס דערמאַנט אין אַ שפּאַס, — נור צו בעווייזען אונזער אָרימקייט... אַז „צוזייט און צושפּרייט" איז אַ קאָמעדיע וואָס פֿערדיענט צו אויפֿגעפֿיהרט ווערען אויף דער ביהנע, און וואָס איז אין שטאַנד צו ענטציקען און בעגייסטערען דאָס פּובליקום, האָבען נעצייגט די יודישע שוישפּיעלער־אַמאַטאָרען פֿון פֿעראיין „בילדונג", וועלכע דאָבען עס טאַק פֿאָריגען שבת דען 25 פֿעבר. אויפֿגעפֿיהרט אויף דער קראָקויער יודישער ביהנע.

דעם הויפּט־פּערזאָהן פֿון דער קאָמעדיע, מאיר'ן, האָט געשפּיעלט ה' נ ע ב י ר ט י ג, וועלכער האָט דעם פּובליקום איבעראַשט מיט זיין העכסט קינסטלערישען טאַלענט. דאָס בעגייסטערטע פּיבליקום האָט איהם איינינע מאָל אַרויסגערופֿען און האָט איהם הערצליך און וואַרם אפּלאַדירט. בכלל איז דער ה' נעבירטיג אַ זעלטענע ערשיינונג אויף דער יודישער ביהנע. מען האָפֿט, אַז ער וועט מיט דער צייט זיין איינער פֿון די בעריהמטע יודישע שוישפּיעלער. די איבריגע שוישפּיעלער: ע ר מ אַ ן, פּ אָ ז נ אַ נ ס ק י, פֿריילין וואַ ס ע ר מ אַ ן, די שוועסטער ק ע ר נ ע ר און אַנדערע, האָבען אויך זעהר בעגאַבט ערפֿילט זייערע ראָללען.

צו ליעב דעם איננעהייערען ערפֿאָלג וואָס „צווייט און צושפּרייט" האָט דאָס ערשטע מאָל געהאַט, וועט עס געשפּיעלט ווערען נאָך עטליכע מאָל. אויסער דעם פֿאָרבערייטען די דערמאַנטע שוישפּיעלער אויפֿצופֿיהרען „גאָט מענש און טייפֿעל" פֿון י. גאָרדאָן, און פֿיעל אַנדערע אָריגינעלע דראַמען און קאָמעדיען.

R.





# א חלום פון א געוועזענעם שמייסער.

איינגעשריבען פֿון י. דינעזאהן

---

געווידמעט דעם מחבר פֿון דער קלאַטשע,
ר' מענדעלע מוכר ספרים.

מען זאָגט: „וואָס מען טראַכט ביי טאָג דאָס חלומט זיך ביי נאַכט" אָבער דאָס איז אַ ראיה ווי צעהנמאָל גאָר נישט! — זאָגט שמשון שלמה — וואָס דאַרפֿט איהר מעהר, מיר אַליין האָט זיך אין יענער נאַכט געחלומט אַ חלום, וואָס איז גאָר קיין יתכן ניט געוועזען, איך זאָל האָבען אַזוינס אַ מאָל אַ טראַכט געטהון ביי טאָג.

הערט אויס, אדרבה, אַ מעשה, וואָס קען זיך חלומ'ן אַנ'אַלטען יודען, אַ געוועזענעם שמייסער אין יונגע יאָהרען.

געטראַכט האָב איך אַ גאַנצען טאָג — וועגען וואָס קען טראַכטען אַ יוד אַנ'אָרעמאַן? — וועגען דער ביטערער פרנסה, וועגען ברויט, אַ בגד, וועגען אַ דירה און דירה געלד. לייג איך מיך שלאָפֿען, און עס חלומט זיך מיר, אַז איך בין נאָך יענע־וואווילער יונג דער שמייסער, גאָר ווי אין מיינע יונגע יאָהרען.

איך זיטץ מיר הויך אויף דער קעלנע, דאַכט מיר, און פֿאָהר מיר מיט מיין גרויסען וואָגען, אָנגעלאָדען מיט משא, פֿיל אַריבער און אַריבער. אין שפּאַן געהען ביי מיר זוסא'ס פֿיער פֿערד. דאָס אַלטע ווייסע פֿערד — אין מיט'ן, לעבען איהם רעכטס, געהט דאָס יונגע ברוינע, מיט זיין חבר, דאָס געפֿלעקטע פֿערדל און לינקס געהט לעבען ווייסען אַלטען, אַ שוואַרץ היטציג פֿערד אפֿילו, אָבער אַ אויסגעהאָריוועטס, אַ אויסגעדאַרטס, אַז נור הויט און ביינער. לעבען איהם געהט אויף'ן דראַנזיק, גאָר אַ יונג פֿערדל, נאָך אַ חדר־בחור'ל כמעט. ווי אַזוי עס האָט זיך צו מיין וואָגען צוגעשפּאַנט, ווייסט איהם דער רוח! איך הייב ניט אָן צו געדענקען אפֿילו, פֿון וואַנען האָט עס זיך צו מיר גענומען.

נור איך פֿאָהר, ווי איך בין געוואוינט צו פֿאהרען, און טראַכט מיר וועגען אַ קרעטשמע אין וועג. וועגען אַ גוטער וויעטשערע, און אַ וואַרימען אויווען, לעבען וועלכען עס שלאָפֿט זיך אַ מחיה נפשות! נור אָט, דאַכט מיר, פֿאָהר איך אין וואַלד אַריין, אין דעם גרויסען געדיכטען וואַלד, וואו וועלף טרייבען זיך אַרום גאַנצע סטאַיעס, און דאָ טאָהר מען ניט שלאָפֿען... עס איז ניט טאָג, ניט נאַכט. ניט פֿינסטער, ניט ליכטיג — ווי תמיד אין גרויסען וואַלד. עס איז ווינטער. דאָס דערקען איך פֿון דעם שניי, וואָס קרעכצט אונטער דער שווערער משא פֿון מיין אָנגעלאָדענעם וואָגען. וואָס איך זיטץ מיר אויף איהם אַזוי בהרחבה. און קאַלט איז מיר, און הונגעריג בין איך. און דאָ פֿאַלט מיר דאָס האַרץ אַרויס פֿון שרעק, אַז איך דער־מאָן זיך, אַז גראָד איצט איז די רעכטע צייט, ווען די וועלף האָבען גאָר די מורא און די בושה פֿערגעסען און קענען איטליכע רגע אָנפֿאַלען אויף מיינע פֿערד, און פֿאַר וואָס טאַקי ניט אויף מיר אַליין אויך?

— נאָ, וויאָ! דאַכט מיר, גיעב איך אַ געשריי צו מיינע סוסים, וואָס האָבען פֿיינט זיך צו צואיילען, און געהען זיך אין שפּאַן טריט ביי טריט ווי די פֿערשלאָפֿענע.

— נאָ, וויאָ! שריי איך נאָך אַ מאָל, און גיעב זיי צו פֿערשטעהן מיט דער בייטש וואָס נאָ, וויאָ איז טייטש. פֿערדישע מוחות, הונדערט מאָל איז זיי וועניג, מען מוז זיי איטליכעס מאָל מיט דער בייטש דער־מאַהנען, וואָס נאָ, וויאָ איז טייטש!

מיינט איהר עס האָט געהאָלפֿען? אַ נעכטיגער טאָג! זיי געהען זיך טריט ביי טריט, און הערען אפילו די בייטש ניט.

עס איז מיר אַ חדוש: ס'טייטש ניט הערען די בייטש? עס מוז עפּיס זיין. טראַכט איך מיר. איך קוק פֿון קעלנע אַראָב, און עס דאַכט זיך מיר, איך זעה קלאָר, ווי דאָס יונגע פֿערדל אויפ'ן דראָנזיק, אָט דאָס חדר־בחור'ל, דערצעהלט זיינע עלטערע חברים עפּיס אַ אינטערעסאַנטע פֿערדישע מעשה, מסתמא. די גרויסע הערען איהם צו, און הערען מיך ניט און מיין בייטש ניט אפילו.

— איי, דו ביזט אַ זאַ בחור? איך וועל דיר שוין ווייזען מעשות דערצעהלען, בעת מען געהט אין שפּאַן! טהו איך אַ זאָג, און לאָז איהם אַראָב מיט'ן גאַנצען כח אַ שמיטץ פֿון דער פֿולער האַנד, גאָר ניט געקאַרגט.

אַלטע פֿערד, וואָס זענען שוין געוואוינט צו דער בייטש, מעגסט דו שמייסען און שמייסען, זיי טהיען אפילו קיין קרעכץ ניט. נור דאָס איז אַ יונג פֿערדעל געוועזען. אויפ'ן אייגענעם לייב דעם טעם פֿון מיין בייטש נאָך ביז אַהער ניט פֿערזוכט, האָט עס, אַ פּנים, טאַקי גוט דערפֿיהלט, און האָט ניט לאַנג געטראַכט, אויסגעזעצט מיט ביידע הינטערסטע פֿיס.

— גומל דאַרף איך בענשען, וואָס מיין קעלנע איז אַזוי הויך, און זיינע הינטערסטע פֿיס האָבען צו מיר ניט דערגרייכט, מיט שניי און שטיקער אייז אָבער האָט ער מיר דאָס גאַנצע פנים פֿערשאָטען, שיער מיר אַ אויג ניט אויסגעהאַקט.

קום איך דאָך אַריין אין רציחה. פֿערקריך איך מיר אינטערן פֿאַר־טוך פֿון מיין בויד, שטרעק אַרויס די האַנד, און הויב אָן צו האַקען מיט דער בייטש אַהין און אַהער ווי אין קרויט אַלעמען, כסדר. אַזאַ טבע האָב איך: קום איך נור אַריין אין רציחה, קוק איך ניט ווער גערעכט, ווער אונגערעכט. איך האַק מיט דער בייטש ווי אין קרויט וואו נור איך טרעף. און לעבען זאָל טאַקי די בייטש! דער עולם האָט אָנגעהויבען צו שטעלען פֿיס, עס געהט אַ גאַנג.

נור עפּיס געפֿעלט מיר ניט דער אימפעט ווייטער: זיי לויפֿען ווי דער רוח וואָלט זיי געטראָגען, און אָט הער איך, ווי עס קנאַקט שוין דער וואָגען, ווי עס פּלאַצען די שטריק, מיט וואָס די משא איז צוגעבונדען. נאָך אַ פּאָר מינוט, און דער גאַנצער וואָגען זעה איך, ווערט אין דרעביעז־געם צושאָטען.

— טפּררו, סטאָפּ! שריי איך און אָנגסטען בעפֿאַלען מיך. שריי צו זיי, שריי צו דער וואַנד, זיי הערען מיך ניט. האָב איך שכל — לאָז אַרויס די לייצעס פֿון הענד, שפּרינג מיר אַראָב, מיט סכנות נפשות, אויף אַ רגע פֿון דער קעלנע, טהו מיך אַ יאָג, און פֿערלויף זיי פֿאָראויס דעם וועג, און מיט'ן בייטש שטעקעל איבער די מאָרדעס, גלייך אין די אויגען, ביז זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט.

אָבגעשטעלט, אָבער צוהיטצט און ציקאָכט. פֿון מויל און פֿון די נאָז־לעכער שלאָגט אַ פּאַרע ווי מיט בלוט צומישט. איך לאָז זיי אַ רגע אויסרוהען, זיך אָבקיהלען, הייסט עס, און געה מיר צוריק צו דער קעלנע און וויל נעהמען די לייצעס אין האַנד. אָבער דאָ דערפֿיהל איך, אַז די פֿינגער פֿון ביידע הענד זיינען מיר, פֿין קעלט מסתמא, שטייף געוואָרען ווי די בייטש שטעקלעך. איך קען די לייצעס צוריק אין האַנד ניט אַריינ־נעהמען... נעהם איך שוין איין לייצע אָן ווי עס איז, פֿאַלט די אַנדערע צוריק אַרויס. אַ ביטערע עסק! קלער איך מיר: ניט האָבענדיג אַלע לייצעס אין האַנד, קען מען מיט פֿינף פֿערד ניכער קומען צו גאָט, ווי צו דער ערסטער קרעטשמע אפילו.

הייב איך דאָך אָן צו הויכען איבער די פֿערפֿראָרענע פֿינגער, אפשר וועלן זיי אָבגעהען, און איך וועל צוריק אַלע לייצעס קענען אין האַנד אַריינעהמען, אָבער עס דאַכט זיך מיר. אַז נור שניי און האַגעל פֿאַלען פֿון מיין מויל אַרויס, און ניט קיין וואַרעמער הויך. — אַ פּנים, אַז דאָס האָט בעת מעשה, שוין געמוזט זיין אַ לאַנג פֿערפֿראָרענער שטיק אייז אין מיר.

און אין וואַלד, דערזעה איך, הייבט אָן פֿרייהליך צו ווערן. עס זעהען זיך שוין די וועלפֿישע אויגען, וואָס ברענען צווישען די בוימער ווי אנגעצינדענע יאָהרצייט־ליכט. עס דאַכט זיך מיר, איך הער שוין אפילו זייער קריצען און שאַרפֿען די הונגריגע ציינער ווייערע. אָט, אָט טהוען זיי זיך אַ לאָז, און צורייסען מיך און מיינע פֿערד אויף שטיקער.

— נאָ, זאָג איך מיט אַ לשון בקשה, — נאָ, היינט, נאָ מאָרגען, זיי הערען מיך ניט.

פרובען זיך מיט דער בייטש, בעת מען האָט ניט די לייצעס אַלע אין האַנד, איז סכנות נפשות. מיט איין האַסטיגען ציה, קענען זיי דעם

גאַנצען וואָגען אין גראַבען אַריינקערען, און מען קען צו א שיינעם תכלית קומען.

מען דאַרף פּרובען מיט גוטען, קלער איך. פּערד לאָזען זיך ניך איבערבעטען.

— סוסים! ווענד איך מיך צו זיי — אַלע מאָל ווען איך וויל זיך צו זיי צושמייכלען, רוף איך זיי ניט אָן פּערד, נור סוסים. זיי מיינען: ווייסט גאָט וואָס פאַר אַנ׳עהרענט׳טעל דאָס איז.

— סוסים, זאָג איך, וואָס איז דער שכל פון שטעהן? מילא איהר קענט ניט, צי איהר ווילט ניט לויפען, בין איך אייך מוחל, איך וויים טאקי אַליין, אַז ניט גרינג איז דער גורל פון א פּערד. איהר דאַרפט אָבער בע־רעכנען, אַז אַליין שלעפּען דעם וואָגען קען איך ניט. אָט לאָזט אייך פידהרען פון מיר פאַרן פּאָוויעד, חאָטש ביז דער ערסטער קרעטשמע.

— איהר הערט ברידער, דבורים? מאַכט דאָס קליין פּערדעל צו די איבריגע — ער ליגט שוין א פּנים, גוט אין דער קלעם! ווי ווייך ער איז געוואָרען, חאָטש נעהם און לעג איהם צו צו אַ געשוויר,—איצט ברידער, איז צייט ביי אידם אויסצופידהרען אלץ וואָס מיר ווינשען זיך שוין אַזוי לאַנג!

„אַרויספידהרען זאָל מען דיך, ממזר! קלער איך בעת מעשה. וואַרט שייגאֶץ, ווי קום איך נור צו דער קרעטשמע צו, וועסט דו שוין ביי מיר וויסען, ווי איך רעכען זיך אָב פאַר אַזוינע דבורים!“

— וואָס שטעהט איהר? פרעג איך, קומט גיכער, זעהט, וועלף אויף נאמנות, אמת׳ע וועלף, הונגעריגע און בייזע, אָט בעפאַלען זיי אייך. לאָזט זיך פידרען פון מיר, איך וויל אייך דאָך ראַטעווען! בעט איך זיך, און עס איז מיר פאַר זיך אַליין אַ חרפּה, אַז איך, זייער שמייסער, וואָס זיי האָבען פאַר מיין קוק געציטערט, בין דער צו געקומען, איך זאָל זיך ביי זיי אַזוי דאַרפען בעטען.

נור עס העלפט אפילו דאָס בעטען ניט, זיי הערען זיך גאָר ניט צו צו מיינע רייד.

— סטייט׳ס, גזלנים, רוצחים אויף זיך אַליין, וועלף בעפאַלען אייך דאָך! שריי איך אויס מיט א ביטער׳ן קול, אַז איין גאָט מעג מיר ענטפע׳רן.

—אויף אונז? טהוט זיך דאָס קליין פּערד׳ל אַ זאָג מיט א ממזרישען געלעכטער׳ל.

— לאָז זיין, אויף מיר אויך, גיב איך צו, אָבער אייך וועלען זיי דאָך אויך ניט אויסלאָזען. —

— אונז איז אַלץ איינס, ענטפערט ווידער דאָס יונג פערד׳ל, וואָס איז א ראש המדברים געוואָרען פאַר זיינע עלטערע חברים—אַלץ איינס ביי די האַלאָבלעס אונטער דיין בייטש צו פאַלען, אָדער פון די וועלף צו־ריסען צו ווערען, ווייטער אַזוי לעבען ווי ביז איצט. קענען מיר שוין ניט!

— טאָ זאָגט, וואָס זשע ווילט איהר?

— אויסטענה׳ן זיך! ענטפער׳ן אַלע מיט א מאָל, איינמאָל פאַר אַלע מאָל, זאָגען דיר מוזען מיר, וואָס מיר ווילען, און פועל זיין וואָס מיר ווילען!!

— צו איז איצט די צייט אויף טענות, אויף וכוחים, בעת וועלף בעפאַלען אונז, און בעת די סכנה איז אַזוי גרויס? פרעג איך כמעט וויינענדיג.

— קינדער, רופט זיך אָב דאָס אַלטע ווייסע פערד, וואָס געהט אין מיטען, און וואָס האָט זיך תמיד ליעב סומך צו זיין אויף די זייטיגע, ווען עס קומט אויס, דעם וואגען פון בלאָטע אַרויס צו ציהען — קינדער, מיר דאַכט זיך, עס איז, בעת וועלף בעפאַלען אונז און איהם צוגלייך, טאקי קיין יושר ניט צו שטעהען און צו טענה׳ן.

— אַלטער פערד! גיט אַ געשריי דאָס יונג פערד׳ל ווי א עזות מחוצף פנים.— פון יושר רעדסט דו? ער האָט פאַר אונז א סך יושר?

— אָבער ווי ווייט איז נאָך צו דער קרעטשמע? ענטפערט דאָס אַלטע פערד. קומען מיר נור צו צו דער קרעטשמע בשלום, וועל איך אַליין דער ערסטער שרייען: זיך אויסטענה׳ן.

— ביי דער קרעטשמע? לאַכט זיך פאַנאַנדער דאָס יונג ממזר׳ל. ביי דער קרעטשמע, אַז ער וועט אונז צובינדען צים דראָנג, די הענד וועלען איהם אָבגעהען, און ער וועט צוריק די לייצעס בעקומען, וועט ער פאַר אונז אַזוי מורא האָבען ווי פאַר דעם פאַר אַ יהריגען שניי... איצט, נור איצט, אַזאַ רגע ווי איצט טרעפט פערד איינמאָל אין טויזענד יאָהר!

— שטיל שייגאֶץ! גיב איך אויף איהם א געשריי. עס זענען דאָ עלטערע פאַר דיר, לאָז זיי רעדען!

— איצט, איצט! הירזשען אונטער די עלטערע, צושאָקלענדיג מיט די קאָפ.

און הערט איהר, וואָס איך זאָג אייך, עס איז מיר גאָר קיין חדוש ניט געוועזען, וואָס מיינע פערד האָבען מיט מיר פלוצלינג אָנגעהויבען צו ריידען בלשון בני אָדם, ממש ווי איך רייד מיט אייך. נויט, זאָגט מען, ברעכט אייזען, און די בייטש קען שטומע רעדענדיג מאַכען. די אייגענע בייטש, וואָס האָט ריידענדיג געמאכט בלעם׳ס אייזעל ביי טאָג, האָט געעפענט דאָס מויל מיינע פערד אין חלום ביי נאכט. וואָרום בייטשען האָב איך זיי קיינמאָל ניט געקאַרגט. דאָס האָט מען געקענט אָנזעהען אויף זייער צושמיסענע צופאַסעוועטע פעל. אַ חדוש אָבער איז מיר געוועזען, ווי קומט צו אַזאַ יונג פערד׳ל אַזאַ חתוך הדבור׳ל, וואָס זאָל אַזוי גיך קענען איבערריידען די עלטערע, זיי זאָלען אויך אַלע אין איין קול אָנהייבען צו שרייען: איצט, נור איצט!?

— וואָס, איצט? מאַך איך מיך ניט וויסענדיג, וואָס זיי ווילען.

— אויסטענה׳ן זיך איצט! ענטפערן זיי אין איין קול.

— אויסטענה׳ן ז׳ך איז ווייניג! מישט זיך ווידער אריין דאָס יונגע פערדעל. שווערען זאָל ער אונז, א תקיעת כף זאָל ער געבען, אַז ער וועט נאָכגעבען און מקים זיין אונזער פערלאַנג.

— דרך ארץ, יונגערמאַן. רייד איך שוין צו איהם, כלומרשט מיט כבוד, כדי זיין העזה ניט אַרויסצורופען אין דער סכנה׳דיגער רגע. וואו תורה איז חכמה, וואו זקנה — יושר! זאָלען פריהער עלטערע ריידען.

— וואָס זאָגסט דו? ווענדע איך מיך צום מיטעלסטע, דעם סאַמע עלטעסטען, וועלכער לייזט מיט דער בייטש ווייניגער פאַר אַלעמען.

ער קעהרט אוים זיין פערדישען קאָפּ צו מיר, און זאָגט:

— די בייטש, ר׳ שמשון! ווי ווערען מיר שוין אַ מאָל פטור פון דער בייטש!

— וואָס האָסט דו צו דער בייטש? פרעג איך צוריק מיניה וביה. מיט דער בייטש טרייב איך דאָך נור די פליגען אַראָב פון אייך! אָהן דער בייטש, וואָלטען זיי אייך דאָך לעבעדיגערהייד אויפעסען!

— אויף פליגען אַראָב צו טרייבען — רופט זיך אָב דאָס אַלטע פערד — האָט אונז גאָט נעגעבען עקסטרא אַ לאַנגען ווידעל... שער דו איהם נור ניט אונטער, וועלען מיר מיט פליגען אַליין זיך אָבפאַרטיגען.

איהר הערט וואָס אַ הייניגם פערד האָט שכל צו זאָגען? — איך שעם מיך אויסצוזאָגען, איך האָב איהם ניט געהאַט וואָס אָבצוענטפערן. בין איך דאָך אָבער קיין פערד ניט, און פאַל באַלד אויף אַ המצאה׳לע, רוק איך מיך אונטער שטילערהייד, הינטען אַרום, צום סאַמע שטילסטען פערדעל, וואָס איז ביי מיר דאָס כפרה הינדעל פאַר אַלעמען, חאַפּ אַרויס אַ שפילקע פון אונטער דער לאַטע, און לאָז איהם אַריין טיעף אין די סאַמע ווייכע, אַז דאָס פאַרשיווע בלוט זיינס האָט אַ שפּריץ געטהון פון איהם ווי פון אַ פאַנטאַן.

דאָס בידנע פערדעל האָט אַ ביטערן קרעכץ געטהון און איז פער־ציטערט געוואָרען פון וויהטיג.

— זעהסט, מאַך איך צו איהם, דו האָסט טענות צו דער בייטש, איך האָב נור אויף איין רגע די בייטש אַרונטער גענומען פון דיר, זיינען דיך שוין פליגען בעפאַלען, און דיין בלוט רינט שוין!

— וואו זענען דאָ ווינטער פליגען? חאַפּט זיך אַרוים דאָס עזות׳דיגע יונג פערדעל ביים דואָנזיק.



(ענדע קומט).



אין גיכען וועט ערשיינען פון דרוק:

# די יודישע חרעסטאמאטיע

אין 3 אבטהיילונגען.

צוזאמענגעשטעלט פון **אברהם רייזען.**

געגויער אין קינפטיגע אנאנסען.

---



---



---

# קאטאלאג

פון דעם

**פערלאג „פראגרעס", ווארשא.**

1) ב. פיינענבוים. „שטיינער וואס פאלען פון הימעל". אפאפולערע ערקלעהרונג וועגען מעטעאריטען, שטערנ-שנופפען און קאמעטען . . . . . . . . 10 ק.
2) פ. שטרייסלער. „קולטור-געשיכטע", פאפולער בעאר-בייט דורך א. ברעסלער . . . . . . . 25 „
3) וו. קאראלענקא. „דער בלינדער מוזיקאנט" . . . 35 „
4) ב. פיינענבוים. „דארוויניזמוס", אדער דארווין האט געטראפען . . . . . . . . . 10 „
5) ל. טאלסטאוי. „וועמענס גלויבען איז בעסער"? איבער-זעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . 5 „
6) אברהם רייזען. „ציט-ליעדער". (מיט אפאריווארט) 20 „
7) וו. גארשין. „די געפאלענע פרוי", איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . . . . 10 „
8) א. ברעסלער. „יוסף פערל", זיין ביאגראפיע, ליטעראַרישע און אלגעמיינע ארבייט . . . . . . . 10 „
9) ש. ל. הורוויץ. „בנימין פראנקלין", זיין לעבענס בעשרייבונג און די בעפרייאונג פון אמעריקא . . . 20 „
10) ה. ט. באקל. „די געשיכטע פון דער ציוויליזאציאן א ענגלאנד". קורץ פאפולאריזירט דורך א. ברעסלער . . . 20 „
11) נ. רובאקין. „ווי לעבען די חיות"? (בילדער פון טהיער לעבען) . . . . . . . . . . . 40 „
12) קוראטשקין. פפלאנצען-לעבען וועגען געוואקסע . 30 „
13) מיפאווסקי. „סאקראטעס". דער גריכישער פילאזאף. 20 „
14) וו. לינקעוויטש. „דונער און בליץ", איבערזעצט פון א. ר. . . . . . . . . . . . 15 „
15) א. באנדאנאוו. „עקאנאמישע לעהרע". (פאליטישע עקאנאמיע) בעארבייטעט דורך א. ש. זאקס . . . 25 „
16) א. רייזען. „ערצעהלונגען און בילדער" . . . . 25 „
17) מ. נארקי. „חברים און דער לעזער", איבערזעצט דורך ד"ר א. מאקאוו . . . . . . . . . 15 „
18) א. יצחקי. וואהין געהען מיר? . . . . . . 3 „
19) שלום אש. „אין א שלעכטער צייט". (בילדער און ערצעהלונגען) . . . . . . . . . . . 30 „
20) א. באנדאנאוו. „די שקלאפעריי". (צווייטעס העפט פון די עקאנאמישע לעהרע) בעארבייטעט דורך א. ש. זאקס 15 „
21) נ. רובאקין. „די לעצטע ערפינדונגען". בעארבייטעט דורך ה. וויכנין . . . . . . . . . 10 „
22) יאהר-בוך „פראגרעס". אזשורנאל פיר ליטעראטור וויסענשאפט און קריטיק ערשטער בוך. רעדאגירט דורך אברהם רייזען . . . . . . . . . 75 „
23) חיה זעלדעס. „ווינטער אבענדען". פאפולער וויסענ-שאפטליכע געשפרעכען . . . . . . . . 25 „
24) קודריאווסקי. „אדם הראשונ'ס דורות", אדער די פאהר-היסטארישע צייט פון מענשען . . . . . . 25 „
25) א. יצחקי. „פ. סמאלענסקין", זיין ביאגראפיע. . 20 „
26) קאראבטשעווסקי. „ערצעהלונגען וועגען ווילדע מענשען". איבערזעצט דורך א. ברעסלער . . . . 10 „
27) יאנישעווסקי. „וועגען לופט". איבערזעצט דורך ד. פולס (ד. פינמקי) . . . . . . . . . 10 „
28) פאוולאוויטש. „ווי האבען מענשען געלעבט"? . . 10 „
29) א. רייזען. „ליעדער פון לעבען" . . . . . . 50 „

אדרעססע פון פערלאג „פראגרעסס":

Я. Лидскій, Книжный магазинъ, Варшава, Налевки 32.

☞ די אלע וואס אבאנירען דאס „יודישע ווארט" אויף א האלב יאהר בעקומען די אלע ביכער פיר א העלפט פרייז. ☜

# די אַלגעמיינע
# יודישע ענציקלאָפּעדיע

„די אַלגעמיינע יודישע ענציקלאָפּעדיע“ איז די ערשטע ענציקלאָפּעדיע, וועלכע ווערט ארויסגעגעבען אין דער יודישער שפראך. און דאס איז נאך אונזער מיינונג איינע פֿון די וויכטיגסטע בעדייטונגען פֿון אונזער ענציקלאָפּעדיע. נייע געדאַנקען, נייע ווערטער, נייע ערשיינונגען ווערען צום ערשטען מאָל ערקלערט, ווי ווייט מעגליך ענציקלאָפּעדיש. אויף אונזער מיטערשפראך. איצט וועט יעדער פֿון אונזער גרויסער פֿאָלקס-מאַסע קענען בעקומען אַ ריכטיגען בעגריף וועגען אַלע וויכטיגסטע זאַכען אין דער נאַטור און אין דער מענשליכער געזעלשאַפֿט. נאָך אַ גרעסערע בעדייטונג האָט „די אַלגעמיינע יודישע ענציקלאָפּעדיע דער מיט וואָס אין איהר ווערט צום ערשטען מאָל אין דער יודישער ליטעראַטור צונויפֿגעקליבען, ווי ווייט מעגליך, אַלע ידיעות, אַלע ערשיינונגען פֿון דער געשיכטע פֿון די יודען אין אויסלאַנד און בעזונדערס אין רוסלאַנד. אַזעלכע ידיעות בנוגע צו רוסלאַנד מוזען צונויפֿגעקליבען ווערען פֿון פֿערשיעדענע ערטער, ווייל קיין אַלגעמיינע געשיכטע פֿון די יודען אין רוסלאַנד האָבען מיר נאָך עד היום ניט אויף קיין שפּראַך.

פֿיעל כחות, פֿיעל מיטלען, פֿיעל צייט מוז מען אַוועקלעגען אויף ד ר יודישער ענציקלאָפּעדיע און מיר האָפֿען, אַז קיינער וועט אונז ניט חושד זיין, אַז מיר זענען אויסען צו מאַכען מיט דער ענציקלאָפּעדיע „גליקליכע געשעפֿטען“. נאָר מיר זענען איבערצייגט, אַז די גרויסע יודישע פֿאָלקס-מאַסע אין רוסלאַנד וואַרט מיט אונגעדולד אויף וועלכע ס'איז מיטלען, וועלכע זאָלען איהר בעהילפֿיג זיין אין איהר גייסטיגער ענטוויקלונג. און מיר וואָלטען זיך געשעצט גליקליך, ווען אונזער ענציקלאָפּעדיע וואָלט געבראַכט האָטש וויפֿיעל עס איז נוטצען דער אַלגעמיינער בילדונג פֿון די רוסישע יודען.

## אין דער ענציקלאָפּעדיע ווערען געגעבען בילדער, פּאָטרעטען און אויך געאָגראַפֿישע קאַרטען.

אין דער ענציקלאָפּעדיע נעהמען אנטהייל:

ש. בעלינקי, ד״ר י. בראנשטיין, ר. ברײנין, אינזש. ב. גאליארקין ש. גינזבורג, א גרינער-לוריא, אינזש. י. דימשיץ, ד״ר ה. ד. הורוויץ מ. הורוויץ, ל. ווינאָדסקי, ש. ווינער, ב. וועליקאָווסקי, ח. זאקס, י. טעפּליצקי. ד״ר י. טשערני, ד״ר פּ. לאנדער, ד״ר י. לוריא, ל. לוריא, ד״ר י. ליאקומאוויטש, מ. לעווין, ה. מ. מייעראוויטש פּ. מארעק, י. מארקאן, ד״ר ש. סקאמאראווסקי, ד״ר ה. עהרענבורג, ד״ר י. צייטלין, ד״ר י. צינבערג, י. קאצענעלסאן, אינזש. צ. קאראבאטשקין, ז. ח. ראבינאוויטש. א. ראגינסקי, א. שולמאן, ד״ר בן-ציון שיינין און פֿיעל אַנדערע.

די ענציקלאפּעדיע געהט ארויס העפטען-ווייז צו 3 געדרוקטע בויגען.

אזעלכע העפֿטען וועט זיין אין גאַנצען אונגעפֿעהר 30.

די פרייז פון יעדעם העפט 25 ק'. מיט פּארטא 30 קאפּ

אדרעסע:

С. Петербургъ, Кн[illegible]

ד[illegible] [illegible]ען און טראָגען אַריין פֿאַראויס
1[illegible] צאהלען פֿאַר די איבריגע צו
[illegible]5 [illegible] העפֿטען בעקומען זיי אומזיסט.

[illegible]

---